ראָמען ראָלאנד.

# זשאַן קריסטאָף

## II. דער פריהמאָרגען.

איבערזעצט אונטער דער רעדאקציאָן פון

דר. ק. פאַרנבערג.



ליטעראַרישער פערלאַג, ניו יאָרק

1918.

דריי יאָהר זיינען פאַרביי. קריסטאָף ווערט עלף יאָהר אַלט. ער געהט ווייטער אָן מיט זיין מוזיקאַלישער ערציהונג. ער לערנט האַרמאָניע ביי פלאָריאַן האָלצער, דעם אָרגאַניסט פון סענט־מאַרטין קירך, דעם אַלטענס אַ גוטען פריינד, וועלכער איז זעהר אַ געלערנטער מאַן; און ער לערנט איהם, אַז דוקא יענע אַקאָרדען, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק האָלט; דוקא יענע האַרמאָניען, וואָס זיינען אַזוי ליעב און זיס פאַר זיין אויער און האַרצען, און צו וועלכע ער קאָן זיך ניט צוהערען אָהן דעם, אַז אַ ציטער זאָל איהם ניט דורכנעמען; אַז דוקא זיי זיינען שלעכט און פאַרבאָטען. ווען ער פרעגט: פאַר וואָס? באַקומט ער ניט קיין אַנדער ענטפער ווי נאָר דעם: עס איז פאַרבאָטען לויט די כּללים. אבער אַזוי ווי ער איז בטבע ניט קיין פאָלגער, באַקומט ער זיי נאָך מעהר ליעב. זיין גרעסטע שמחה איז אויסצוגעפינען אַזוינע ביישפּיעלען ביי די גרויסע מוזיקאַנטען, וועלכע מען באַוואונדערט, און זיי פאָרצולעגען פאַר דעם זיידען, אָדער דעם לעהרער. אויף דעם ענטפערט דער זיידע, אַז ביי די גרויסע מוזיקאַנטען איז אפילו דאָס אויך צו באַוואונדערען, אַז בעטהאָווען, אָדער באַך האָבען זיך געקאָנט אַלץ ערלויבען. דער לעהרער אבער, וואָס איז בטבע וויינציגער נאַכגיביג, ווערט בייז און ענטפערט שאַרף, אַז דאָס איז ניט דאָס בעסטע, וואָס זיי האָבען געשאַפען.

קריסטאָף האָט אַ פרייען איינטריט צו די קאָנצערטען

און אין טעאַטער און באַקומט אַ שטיקעל ידיעה אין אַלע אינסטרומענטען. אין פידעל־שפּיעלען ווייזט ער זאַגאַר אַרויס אַ געוויסע קראַפט, און ביי זיין פאַטער שווימט אַרויף דער געדאַנקען איהם צו געבען אַ סטענדער אין אָרקעסטער. ער האַלט איים זיין ראָלע אַזוי גוט, דאַס נאָך עטליכע פּראָבע־חדשים, ווערט ער אָפיציעל אַנגענומען אַלס צווייטער פיע־דעל שפּיעלער אין הויף־מוזיק־פעראיין. אַט אַזוי הייבט ער אָן צו פאַרדיענען זיין חיונה. און דאָס איז ניט פריה, וואַרום דער מצב פון זיין היים ווערט אַלץ ערגער און ערגער. מעל־כיאָר׳ס שוואַכקייט צום ביטערן טראָפּען ווערט גרעסער; און דער זיידע ווערט אַלט.

קריסטאָף גיט זיך אָפּ חשבון וועגען די טרויעריגקייט פון דער לאַגע; ער האָט שוין דעם ערנסטען און פאַרזאָרג־טען אויסזעהן פון אַ קליינעם מאַן. מוטיג ערפילט ער זיין אויפגאַבע, כאָטש זי אינטערעסירט איהם גאַנץ ווייניג; און עס ווילט זיך איהם אין די אָווענטען, ווען ער זיצט אין אָר־קעסטער, אַזוי שטאַרק שלאָפען, ווייל עס איז שפּעט און עס איז אַזוי לאַנגווייליג. דאָס טהעאַטער רופט שוין מעהר ניט אַרויס ביי איהם די געפיהלען פון אַמאָל, ווען ער איז געווען קליין. דאַמאָלט — מיט פיער יאָהר צוריק — איז זיין העכס־טע אַמביציע געווען צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ, וואו ער זיצט איצט. היינט ליעבט ער מעהר ניט דעם גרעסטען טייל פון דער מוזיק, וואָס מען מאַכט איהם צו שפּיעלען; ער האָט נאָך ניט די עזה צו באַשטימען זיין מיינונג וועגען דעם; אָבער אין תוך גענומען, געפינט ער, אַז דאָס איז נאַריש; און ווען מען שפּיעלט אַמאָל, דורך אַ צופאַל, שעהנע זאַכען, איז ער אונצופריעדען פון דער וואַכעדיגקייט, מיט וועלכע זיי ווערען געשפּיעלט; די ווערק, וואָס ער האָט אַזוי האַלט,

הויבען אן סוף כל סוף, צו זיין עהנליך אויף זיינע חברים פון ארקעסטער. זיי, ווען דער פארהאנג לאזט זיך אראפ און זיי זיינען פארטיג מיט'ן בלאזען אדער רייבען, ווישען זיך אפ דעם שוויים מיט א שמייכעל און דערצעהלען זיך רוהיג זייערע קליינליכע מעשה'לאך, אזוי ווי זיי וואלטען אקארשט געהאט געענדיגט גימנאסטישע איבונגען. ער האט אויך וויעדער געזעהן פון נאהענטען זיין אלטע ליעבשאפט, די בלאנדע זינגערקע מיט די נאקעטע פיס; ער טרעפט איהר אפט, בעת די אנטראקטען, אין רעסטאראן. אזוי ווי זי וויים, אז ער איז אין איהר פארליעבט, קושט זי איהם גאנץ געשמאק; ער האט אבער גאר קיין פארגניגען דערפון ניט: עס עקעלט איהם פון איהר שמינקע, פון איהר רח, פון איהרע גרויסע הענט, און פון דעם, וואס זי איז אזא פרעסערקע; איצט האסט ער איהר.

דער גרויספירשט האט אן זיין הויף־פיאניסט ניט פארגעסען: דאס הייסט ניט, אז מען צאהלט איהם פינקטליך דעם מעסיגען געהאלט, וואס איז באשטימט פאר איהם — ער מוז שטענדיג עס מאנען. — נאר פון צייט צו צייט ווערט קריסטאף גערופען אין שלאס, ווען דארט זיינען איינגעלאדען חשוב'ע געסט, אדער, איינפאך, ווען זייער האהייט פאלט איין דער קאפריז איהם צו וועלען הערען. דאס קומט אוים כמעט שטענדיג אין אווענט, אין א צייט, ווען קריסטאף'ן ווילט זיך אזוי שטארק פארבלייבען אליין. אפט דארף ער ווארטען אין קארידאר, ווייל דער מאלצייט איז נאך ניט געענדיגט. די דיענער, וואס זיינען געוואוינט איהם צו זעהן, ריידען צו איהם ווי צו א גוטען באקאנטען. נאכהער פיהרט מען איהם אריין אין א העלבאלויכטענעם און מיט שפיגלען באפוצטען זאל, וואו שטייפע מענשען קוקען אויף

איהם מיט אַ באַליידיגענדער נייגעריגקייט. ער מוז דורכגעהן דעם באַזונדערס שטאַרק אַנגעוועקסטען זאַל, כדי אַ קוש צו טאָן איהר האַהייט אין האַנט; און וואָס עלטער ער ווערט אַלץ מעהר אונגעשיקט פאַרהאַלט ער זיך דערביי, ווארום ער פיהלט זיך אין אַ לעכערליכער לאַגע, זיין שטאָלץ ליידעט דערפון.

ענדליך זעצט ער זיך אוועק ביים קלאַוויר, און מוז שפּיעלען פאַר די, ווי ער רופט זיי, גלאָמפּען. צייטענווייז פאַלט איהם די גלייכגילטיגקייט פון דער חברותא צו זיין שפּיעלען אַזוי שווער, אַז עס ווילט זיך איהם אויפהערען פּלוצלונג, אין מיטען פון אַ שטיק. עס פעהלט איהם לופט, און ער פיהלט ווי ער וואָלט ווערען דערשטיקט און אַריינפאַלען אין אַ תהום. ווען ער איז פאַרטיג, באַוואַרפט מען איהם מיט גראַטולאַציאָנען און מען פאַרגלושעט איהם מיט קאָמפּלימענטען און מען פיהרט איהם אַרום פון איינעם צום צווייטען. איהם דאַכט זיך, אַז מען באַטראַכט איהם ווי אַ זאָנדערבאַרע חיה, וואָס געהערט צו דעם פירשט'ס קאָלעקציע, און אַז די שבחים ווערען אַדרעסירט מעהר צו זיין בעל־הבית איידער צו איהם. ער פיהלט זיך ערנידעריגט און באַקומט אַ קראַנקהאַפטע עמפּפינדליכקייט, פון וועלכע ער ליידעט נאָך מעהר, ווייל ער האָט ניט די העזה עס אַרויסצואווייזען. ער זעהט באַליידיגונגען אין די איינפאַכסטע האַנדלונגען: לאַכט מען אין אַ ווינקעל פון זאַל, איז ער זיכער, אַז דאָס לאַכט מען פון איהם; ער ווייס נאָר ניט: צי מאַכט מען חוזק פון זיינע מאַניערען און פון זיין קאָסטיום, אָדער פון זיין אויסזעהן, פון זיינע הענט און פּיס. אַלץ קריינקט איהם: עס קריינקט איהם, ווען מען רעדט צו איהם ניט, און עס קריינקט איהם, ווען מען רעדט יאָ; ווען

מען דערלאַנגט איהם קאָנפעקטען, ווי מען גיט א קינד, און באזונדערס קריינקט איהם, ווען דער פירשט שיקט איהם אָפּ אהיים מיט א פירשטליכער גאוה, אריינשפּארענדיג אין האנט א מטבע. ער פיהלט זיך אונגליקליך, ווייל ער איז ארים, און ווייל מען באהאנדעלט איהם ווי אן אָרימאַן. איין אָווענט, געהענדיג אהיים, האָט דאָס געלט, וואָס ער האָט באַקומען איהם אזוי געדריקט, אז ער האָט עס אריינגעוואָר־פען אין דעם לאָך פון א קעלער, פאר וועלכען ער איז פאר־ביי. און באלד נאָכדעם איז ער געווען גרייט צו באגעהן וועך ווייס וואָס פאר א פארברעכען, אבי נאָר עס צוריק צו באקומען, ווארום אין דער היים איז מען שוין פאר עטלי־כע חדשים שולדיג דעם קצב.

זיינע עלטערן האָבען קיין אהנונג ניט געהאט ווי שטארק ער לייִדעט פון זיין באליידיגטען שטאָלץ. זיי זיי־נען געווען גליקליך, וואָס ער איז אזוי באליעבט ביים פירשט. די גוטע לואיזע האָט זיך ניט געקאָנט פארשטעלען קיין בע־סערע זאַך פאר איהר אינגעל, ווי די אָווענטען אין שלאָס, אין אַזאַ גלענצענדע געזעלשאפט. מעלכיאָר'ן האָט דאָס גע־געבען א געלעגענהייט שטענדיג זיך צו באריהמען פאר זיינע פריינד. אבער גליקליכער פאר אלעמען איז געווען דער זיידע. ער האָט זיך אפילו געגרויסט מיט זיין כלומרשט'דיי־גער אונאפּהענגיגקייט, שארפקייט און פאראכטונג פאר אלע גדולים; אבער באמת האָט ער געפיהלט גאָר א גרויסען דרך־ארץ פאר געלט, פאר מאכט, פאר כבוד, און בכלל פאר אלע געזעלשאפטליכע אויסצייכנונגען; און עס איז געווען זיין העכסטער שטאָלץ צו זעהן, ווי זיין אייניקעל דערנעהענ־טערט זיך צו די, וואָס האָבען אין דעם אלץ א חלק. ער האָט זיך מחיה געווען דערמיט, אזוי ווי דער גלאַנץ וואָלט אבגע־

שטראַהלט צוריק אויף אויף איהם; און כאָטש ער האָט זיך אָנגעטאָן א כח צו פאַרבלייבען רוהיג, דאָך האָט זיין פּנים געשטראַהלט. אין יענע אָווענטען, ווען קריסטאָף פלעגט דאַר־פען געהן אין שלאָפֿ, פלעגט זשאַן מישעל אַזוי איינאָרדנען, אַז ער זאָל, אונטער דעם אָדער יענעם אויסרייד, פאַרבלייבען ביי לואיזען. ער פלעגט וואַרטען מיט א קינדערשער אונגע־דולד אויף דעם אייניקעלס קומען צוריק אהיים; און אַז קריסטאָף פלעגט אַריינקומען, פלעגט ער מיט א געמאַכטער גלייכגילטיגקייט איהם שטעלען עטליכע ניט וויכטיגע פראַ־גען: ווי:

„נו, ווי איז עפּעס היינט געגאַנגען?“

אָדער מיט א צערטליכען שמייכעל:

„אָט איז אונזער קליינער קריסטאָף! וואָס וועט ער אונז דערצעהלען עפּעס נייעס?“

אָדער ער פלעגט אויסטראַכטען עפּעס א קאָמפּלימענט איהם צו חנפ׳ענען:

„א ברוך הבא פאַר אונזער יונגען הויף־קאַוואַליר!“

אָבער קריסטאָף פלעגט ענטפערן בייז און טרוקען: „גוט ב׳אָווענט“ און זיך אַוועקזעצען א פאַרמאַטערטער אין א ווינקעל.

דער אַלטער פלעגט צושטעהן, פלעגט שוין שטעלען קלאָהרערע פראַגען, אויף וועלכע דאָס קינד פלעגט ענט־פערן מיט יאָ אָדער ניין. די אַנדערע פלעגען זיך אַריינ־מישען אויסצוגעפינען וועגען מעהר איינצעלהייטען: קריס־טאָף פלעגט ווערען אַלץ מעהר אָנגעכמורעט; מען פלעגט מו־זען אַרויסרייסען פון איהם די ווערטער מיט געוואַלט, ביז זשאַן מישעל פלעגט ווערן אַן אָנגעצונדענער און איהם אַריינזאָגען באַליידיגונגען. קריסטאָף פלעגט ענטפערן מיט

זעהר ווייניג רעספעקט און עס פלעגט זיך ענדיגען מיט א גרויסער מחלוקה. דער אלטער פלעגט אוועק, א קלאפ טוענ־דיג מיט'ן טיר הינטער זיך. אט אזוי פארדארבט קריסטאף די שמחה ביי די אָרימע מענשען, וואס פארשטעהן ניט זיין שלעכטע שטימונג. עס איז דאך געווען ניט זייער שולד, וואס זיי האבען געהאט נשמות פון לאקייען, און ניט געהאט קיין אהנונג, אז מען קען זיין אנדערש.

קריסטאף האט זיך פארשלאסען אין זיך; און כאטש ער האט זיין פאמיליע ניט פאראורטיילט, דאך האט ער גע־פיהלט, אז א תהום טיילט איהם אפ פון זיי. ער האט בלי ספק מגזם געווען; ניט קוקענדיג אויף די פארשיעדענקייט פון זייער זארט דענקען, וואלטען זיי איהם ווארשיינליך פארשטאנען, אויב זיי וואלטען געקאנט זיך דורכריידען אפענהערציג. אבער יעדער איינער ווייס, אז קיין זאך איז ניט אזוי שווער ווי א פולע אפענהערציגקייט צווישען עלטערן און קינדער, זאגאר ווען זיי פיהלען דעם צערטליכסטען צו־בונד איינער צו די אנדערע; ווארום פון איין זייט שטערט דער רעספעקט זיך ארויסצוזאגען אין גאנצען אפענהערציג, פון דער צווייטער זייט איז די, גאנץ אפט פאלשע, מיינונג וועגען דעם, אז די עלטערע און ערפארענע שטעהען העכער ווי די אינגערע, א שטערונג אויפצונעהמען מיט דער נויטי־גער ערנסטקייט די געפיהלען פון די קינדער, כאטש זייערע געפיהלען זיינען דאס רוב פונקט אזוי אינטערעסאנט ווי פון די גרויסע און, כמעט שטענדיג, עהרליכער.

די מענשען, וועלכע קריסטאף האט געזעהן אין דער היים, די געשפרעכען וואס ער האט דארט געהערט, האבען איהם נאך מעהר דערווייטערט פון דער פאמיליע.

אט קומען מעלכיאר'ס פריינד; דאס רוב מיטגליעדער

פון אָרקעסטער, בחורים, טרינקער; זיי זיינען ניט קיין שלעכ־טע מענשען, אבער פּראָסטע נפשות. דאָס הויז ציטערט פון זייער געלעכטער און פון זייערע טריט. זיי האָבען האָלט מו־זיק, אבער זיי ריידען דערפון עקלהאַפט — נאַריש. זייער שרייענדיגע, גראָביאַנסקע באַגייסטערונג פאַרוואונדעט טיעף דעם קינדס צניעות'דיגע געפיהלען. ווען זיי פלעגען לויבען א ווערק, וואָס ער האָט האָלט געהאַט, איז עס געווען פאַר איהם ווי זיי וואָלטען איהם פּערזענליך באַליידיגט. ער פלעגט ווערן בלאַס, אַנגעבלאָזען, קאַלט ווי אייז, און זיך מאַכען ווי ער האָט, כלומרשט, גאָר קיין אינטערעס ניט אין מוזיק; אויב ער וואָלט נאָר געווען ביכולת, וואָלט ער זי געהאַסט. מעלכיאָר פלעגט זאָגען וועגען איהם:

„דער נפש האָט קיין האַרץ ניט. ער פיהלט קיין זאַך ניט. איך ווייס באמת ניט אין וועמען ער האָט זיך איינגע־געבען."

אָפטמאָל זינגען זיי צוזאַמען יענע דייטשע לידער פאַר פיער שטימען — פיער פיסיגע — וואָס זיינען שטענ־דיג עהנליך איינס אויף דאָס אַנדערע, און וואָס באַוועגען זיך אַזוי שווער מיט אַן אַנגעבלאָזענער וואַזשנעקייט, און מיט אַ פלאַכע האַרמאָניע. קריסטאָף אַנטלויפט דאַמאָלט אין ווייטעסטען צימער און שילט די ווענט.

דער זיידע האָט אויך געהאַט פריינד: דער אָרגאַניסט, דער טאַפּעצירער, דער זייגערמאַכער און דער באַנדורע שפּיע־לער — אַלטע לייט, וואָס האָבען האָלט געהאַט צו פּלוידערן, איבערצוקייען שטענדיג דיזעלבע וויצען, און זיך אַריינצולאָ־זען אין לאַנגע וכוחים מכּח קונסט, פּאָליטיק און דעם יחוס פון לאַנד־משפּחות. זיי זיינען געווען ווייניג פאַראינטערע־סירט אין דער זאַך גופא, וועגען וועלכע זיי האָבען גערעדט,

נאָר זיי זיינען געוועזן גליקליך צו קענען פלוידערן און צו גע־
פינען איינעם, צו וועמען מען קען ריידען.

וואָס איז שייך לואיזען, פלעגט זי זיך זעהן נאָר מיט
עטליכע שכנות, וואָס פלעגען קומען איהר אפצוראפּאָרטירען
די געשעהענישען פון ארום. אין אַן אווינע פלעגט זיך
באווייזען וועלכע עס איז א „געגעדיגע דאמע", און מיט דעם
אויסרייד, אז זי וויל וויסען וואָס לואיזע מאכט, פלעגט זי
איהר רופען צו קומען העלפען צו א פאראדנעם מאָהלצייט
און דערביי זיך מאכען ווי זי וואָלט כלומרשט אכטונג געבען
אויף די רעליגיעזע ערציהונג פון די קינדער.

פון אַלע באזוכער איז קיינער ניט געוועזן אזוי ניט סימ־
פאָטיש צו קריסטאָף'ן, ווי זיין פעטער טעאָדאָר. דאָס איז
געוועזן דעם זיידענס א שטיפזון, א זון פון ערשטען מאן פון
דער באבע קלאַרא, וועלכע איז געוועזן זשאן מישעלס ערשטע
ווייב. ער איז געוועזן א שותף אין א גרויסען געשעפט, וואָס
האָט אָנגעהאלטען פארבינדונגען מיט אפריקא און מיט דעם
ווייטען מזרח. ער איז געוועזן א טיפּ פון יענע דייטשען פון
נייעם זאָרט, וואָס זוכען צו מאכען חוזק פון דעם אלטען אי־
דעאליזם פון דער ראַסע. און זייענדיג פאַר'שכור'ט פון נצחון,
מאכען זיי אַן אָבגאָט פון ערפאָלג און קראַפט, וואָס דאָס
ווייזט, אז זיי זיינען ניט געוואָהנט עס צו זעהן אויף זייער
זייט. אבער אזוי ווי עס איז ניט מעגליך צו ענדערן מיט
איין קלאַפּ די, זינט פיעל דורות אלטע, נאַטור פון א פאָלק,
פלעגט דער צוריקגעשטויסענער אידעאליזם זיך אומקעהרען
צוריק יעדע מינוט; אין ריידען, אין האלטונג, אין די מיי־
נונגען, אין דיציטאַטען פון געטהע ביי יעדער קלענסטער פּאַ־
סירונג אין הויז; אַט אזוי איז ארויסגעקומען א משונה'דיי־
גער מיש־מאַש פון געוויסענהאפטיגקייט און עגאָאיזם, א

זאַנדערבאַרע באַמיהונג צו ברײנגען אין האַרמאָניע די פּרינ־ציפּען־עהרליכקייט פון דעם אַלטען דײטשען בירגער מיט דעם ציניזם פון דעם נייעם געשעפטס־רויבער; עס איז גע־ווען אַ געמיש, וואָס האָט געהאַט זעהר אַ שלעכטען גערוך פון צבועצטווע — וואָרום מען האָט געזאָלט דערמיט כשר'ן קראַפּט, געלדגייציגקייט און די דײטשע אינטערעסען אַלס דעם סימבאָל פון יעדען רעכט, פון יעדער גערעכטיגקייט און פון יעדען אמת.

קריסטאָף'ס עהרליכקייט איז דורך דעם געווען טיעף פאַרוואונדעט. ער איז ניט געווען אים שטאַנד צו באַשליסען: צי איז זיין פעטער אונגערעכט; אָבער ער האָט איהם געהאַסט און האָט אין איהם געפיהלט אַ שונא. אויך דער זיידע האָט איהם ניט זעהר האָלט געהאַט און איז שטאַרק אויפגעבראַכט געווען געגען זיינע טעאָריעס; אָבער אין געשפּרעכען פלעגט ער גיך ווערען צוקלאַפּט פון טעאָדאָרס שאַרפען צונג, פאַר וועמען עס איז ניט געווען שווער צו מאַכען לעכערליך דעם אַלטענס אײדעלע תמימות. זשאַן מישעל האָט געענדיגט דערמיט, וואָס ער האָט זיך אָנגעהויבען צו שעמען מיט זיין גוטהאַרציגקייט; און כדי צו ווייזען, אַז ער איז גאָר ניט אַזוי אָפּגעשטאַנען ווי יענער מיינט, האָט ער געפּרובירט אָנ־הויבען ריידען ווי טעאָדאָר: דאָס האָט געקלונגען אַזוי פאַלש אין זיין מויל, אַז עס האָט איהם אַליין וועה געטאָן. כאָטש ער האָט גאָר אַנדערע מחשבות געהאַט, דאָך האָט ער געהאַט גרויס דרך ארץ פאַר טעאָדאָר'ן; ער האָט געהאַט גרויס אבשיי פאַר זיין פּראַקטישע פלינקייט, פאַר וועלכע ער האָט איהם נאָך מעהר מקנא געווען, ווייל ער אַליין איז אויף דעם ניט געווען קאַפּאַבל. ער האָט גע'חלומ'ט, אַז זיין אייניקעל זאָל פאַרנעהמען אַזאַ שטעל. דאָס איז געווען אויך דער וואונש

פון מעלכיאר'ן, וועלכער האָט שוין באשלאָסען ביי זיך, אז קריסטאָף זאָל געהן אין זיין פעטערס טריט. אָט אזוי האָט די גאנצע הויז זיך פאָרגענומען צו חנפ'ענען דעם רייכען קרוב. פון וועלכען מען האָט ערווארט טובות. ער אליין, זעהענדיג ווי מען דארף צו איהם אָנקומען, האָט גענומען זיך האלטען מעשה בעל־הבית; ער האָט אָנגעהויבען אין אלץ זיך אריינ־צומישען, געבען יעדען איינעם עצות, און האָט ניט געפונען פאר נויטיג צו באהאלטען זיין גרויסע פאראכטונג צו קונסט און קינסטלער; פארקעהרט, ער האָט זיך נאָך דערמיט גע־גרויסט, כדי מבזה צו זיין זיינע מוזיקאלישע קרובים; און ער פלעגט מאכען גראבע וויצען אויפ'ן חשבון פון איינעם און א צווייטען; וויצען, פון וועלכע מען האָט פון פייגהייט גע־לאכט.

קריסטאָף איז געווען א באזונדערס אָפטער ציעל פאר זיין פעטער'ס שפאָט; ער איז אבער ניט געווען געדולדיג. ער האָט געשוויגען און, א בייזער, פארביסען די ציין. יענער האָט געקליבען נחת פון זיין שטומען גרימצאָרן. אבער איין מאָל ביים טיש, ווען טעאָדאָר האָט איהם שוין צופיעל דער־נומען, האָט קריסטאָף, ארויסגעהענדיג פון די כלים, איהם א שפיי געטאָן אין פנים אריין. עס איז ארויס א שרעק־ליכער סקאנדאל. די באליידיגונג איז געווען אזא שרעקלי־כע, אז דער פעטער איז תחלת געבליבען שטום פון שרעק; באלד אבער האָט זיך א גאָס געטאָן א שטראם פון זלזולים. קריסטאָף איז געבליבען זיצען אויף זיין שטול, ווי פארשטיי־נערט פון שרעק פאר זיין אייגענעם אויפטו, און האָט גאָר ניט געפיהלט די קלעפ, וואָס האָבען זיך געשאָטען איבער איהם; אבער, ווען מען האָט געוואָלט, איהם מאכען זיך צו שטעלען אויף די קניע פאר'ן פעטער, האָט ער גענומע[ן]

זיך ראַנגלען, האָט אַ שטויס געטאָן די מוטער אָן אַ זייט און איז אַנטלאָפן פון הויז. ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אַפילו אויפ׳ן פרייען פעלד, ביז ער האָט שוין מער ניט געקאָנט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. ער האָט געהערט שטימען, וואָס האָבען איהם גערופען פון ווייטען; ער האָט זיך געפרעגט: צי זאָל ער בעסער זיך ניט אַריינוואַרפען אין טייך, אַזוי ווי אַריינצוואַרפען זיין שונא דאָרט, קען ער דאָך ניט? ער האָט פאַרבראַכט די נאַכט אין פעלד. ערשט פאַרטאָג האָט ער אָנגעקלאַפּט ביים זיידען אין טיר. דער אַלטער איז געווען אַזוי אומרוהיג וועגען קריסטאָף׳ס אַנטלויפען — ער האָט צוליעב דעם ניט געקאָנט איינשלאָפען, אַז ער האָט ניט געהאָט דעם מוט אויף איהם זיך צו בייזערן. ער האָט איהם געבראַכט אַהיים, וואו מען האָט אויסגעמידען צו ריידען וועגען דעם, ווארום מען האָט געזעהן, אַז ער געפינט זיך נאָך אַלץ אין אַן אויפגערעגטען צושטאַנד; און מען האָט געמוזט איהם שאָנעווען, ווארום ביינאַכט האָט ער געדאַרפט שפּיעלען אין הויף. נאָר וואָכענלאַנג האָט מעלכיאָר איהם דערמאָנט מיט זיינע יללות — כאָטש זיך ניט ווענדענדיג דירעקט צו קיינעם — מכח דעם, ווי שווער עס איז צו געבען בייגעשפּיעלען פון אַ שענעם לעבען און פון גוטע מאַניערען צו אונדאַנקבאַרע ברואים, וואָס פאַרשאַפען נאָר שאַנד; און ווען דער פעטער טעאָדאָר האָט איהם געטראָפען אויפ׳ן גאַס, האָט ער אָפּגעדרעהט דעם קאָפּ און צוגעמאַכט די נאָז, אַרויסווייזענדיג אַלע סמנים פון העכסטען עקעל.

געפינענדיג אַזוי ווייניג סימפּאַטיע אין דער היים, פלעגט ער דאָרט פאַרבלייבען אַזוי ווייניג ווי נאָר מעגליך. ער האָט געליטען פון דעם שטענדיגען צוואַנג, וואָס מען האָט געזוכט אויף איהם אַרויפצולעגען: עס זיינען געווען צו פיעל

זאכען, צו פיעל מענשען, וועלכע מען האָט איהם געמאכט רעספּעקטירען, ניט ערלויבענדיג צו פרעגען פארוואָס; און קריסטאָף איז בטבע ניט געווען אויפגעלעגט צו רעספּעק־טירען. וואָס מעהר מען האָט געזוכט איהם צו מושטירען און פון איהם צו מאכען א קליינעם, בראווען דייטשען ביר־גער, אלץ גרעסער איז געוואָרען זיין וואונש פון דעם זיך צו באפרייען. זיין בעסטער פארגניגען איז געווען, נאָך דעם איינגעצאַמטען, לאנגווייליגען אפּזיצען אין אָרקעסטער, אָדער אין שלאָס, זיך ארומצוקייקלען אין די גראז ווי א לאָשאקל; אָדער, אין זיינע נייע הויזען, זיך ארונטערצוגליטשען דעם גראָזיגען בערגעל פון אויבען ביז אראָפּ; אָדער זיך דורכצואווארפען מיט שטיינער מיט די שכנ׳ישע אינגלאך. אויב ער האָט עס ניט עפטער געטאָן, איז עס געווען ניט דער־פאר, וואָס ער האָט מורא געהאט פאר געשרייען און קלעפּ; נייז, ער האָט פשוט ניט געהאט קיין חברים: עס האָט איהם זיך ניט איינגעגעבען זיך מתקרב צו זיין מיט די אנדערע אינגלאך. אפילו די גאסעניונגען האָבען ניט געוואָלט מיט איהם זיך שפּיעלען, ווארום ער האָט צו ערנסט זיך באצויגען צום שפּיעל און האָט געגעבען צו שטארקע קלעפּ. אָט אזוי איז ביי איהם געוואָרען א געוואָהנהייט צו זיין איינגעשלאָ־סען אין זיך, און זיך צו האלטען אָן א זייט פון די קינדער אין זיינע יאָהרען; ער האָט זיך געשעהמט זיך ארויסצור־ווייזען ניט פלינק אין שפּיעל, און האָט ניט געהאט די העזה זיך אריינצומישען אין זייערע שטיפערייען. ער האָט דער־פאר זיך געמאכט, ווי דאָס וואָלט בלומרשט איהם בכלל ניט אינטערעסירען, כאָטש ער האָט געברענט פון דעם באגעהר געררופען צו ווערען מיטצושפּיעלען. אבער מען האָט איהם ניט גערופען; און ער פלעגט זיך אפּטראָגען א באליידיג־

טער, אבער מיט א גלייכגילטיגער מינע.

עס איז געווען פאר איהם א טרויסט זיך ארום צושלעפען מיט דעם פעטער גאָטפריעד, ווען יענער פלעגט זיין אין זיי־ערע געגענדען. ער האָט זיך אלץ מעהר און מעהר מתקרב גע־ווען צו איהם, און איז געווען אין גרוים סימפּאַטיע מיט יע־נעמס אונאפהענגיגער האלטונג. ער האָט איצט גאַנץ גוט פארשטאַנען דעם פעטער גאָטפריעד'ס תשוקה זיך ארומ־צושלעפען איבער'ן לאַנד, זיך ניט צובינדענדיג אין ערגעץ! אָפטמאָל פלעגען זיי צוזאמען זיך ארומשלעפען איבער די פעלדער, אָהן א ציעל, סתם אזוי אין דער וועלט אריין; און אזוי ווי גאָטפריעד פלעגט שטענדיג פארגעסען ווי שפּעט עס איז, פלעגט מען קומען צוריק אהיים צו שפּעט און ער פלעגט כאַפּען א מפּלה. אָן אמת'ע פרייד איז דערפאר געווען פאר איהם ביינאכט זיך ארויסצו'גנב'ענען שטילערהייט, ווען אלע האָבען געשלאָפען. גאָטפריעד האָט געוואוסט, אז דאָס איז ניט רעכט, אבער קריסטאָף האָט זיך אזוי שטארק גע־בעטען; און ער אליין האָט ניט געקאָנט גובר זיין דעם יצר הרע. ארום האַלבע נאכט פלעגט ער פארבייגעהן די הויז און א פייף טאָן לויט א געוויסען אָפּמאַך. קריסטאָף פלעגט זיך לעגען אין בעט אין גאנצען אָן אנגעטאָנענער; ער פלעגט זיך ארויסכאַפּען פון בעט מיט די שיך אין די הענט און, איינהאלטענדיג דעם אטעם, מיט אלע קונצען פון א ווילדען, דערקריכען ביז צום פענסטער פון קיך צו דער זייט פון וועג. דאָרט פלעגט ער ארויפקריכען אויפ'ן טיש. גאָטפריעד פלעגט איהם ארויסטראָגען אויף די פּלייצעס; און גליקלי־כע, ווי חדר־אינגלאך, פלעגען זיי זיך אָפּטראָגען.

עטליכע מאָל זענען זיי געגאַנגען אויסזוכען ירמיהו דעם פישער, גאָטפריעדס אַן אלטען פריינד, און האָבען געכאַפּט

פיש אין זיין לאָדקע, ביי דער ליכט פון דער לבנה. דאָס וואסער, וואָס האָט געטריפט פון די וויאָסלעס, האָט ארויס־געגעבען טענער ווי פון א הארף אין כראָמאָטישער אָרדנונג. א מילך־פאָרע האָט געציטערט אויף דער אויבערפלעך פון טייך. די שטערן האָבען געפינקעלט. די הענער האָבען פון איין ברעג צום צווייטען זיך גערופען און געענטפערט; און מיט אמאָל האָבען זיך אין דער טיעפעניש פון הימעל דער־הערט די טרעלען פון א נאכטיגאל, וואָס האָט זיך אויפגע־הויבען אין דער לופט, אָפּגענארט פון דעם שיין פון דער לבנה. מען האָט געשוויגען. גאָטפריעד האָט גאנץ שטיל גע־זונגען א ליעד. ירמיהו האָט דערצעהלט משונה'דיגע מעשות פון דעם לעבען פון די חיות; זיי זיינען אויסגעקומען נאָך משונה'דיגער, ווייל ער האָט זיך אויסגעדריקט אין קורצע ווערטער און אין א פארשטעלטען אופן. די לבנה האָט זיך באהאלטען הינטער די וועלדער. מען איז פארבייגעפאָהרען די פינסטערע מאסע פון בערג. די פינסטערניש פון הימעל און פון וואסער האָבען זיך צוזאמענגעגאָסען. דער טייך איז געווען גלאט אָהן איין קנייטש. אלע גערוישען זיינען אויסגע־שטאָרבען. די לאדקע האָט זיך שטיל געטראָגען אין דער נאכט. האָט זי טאקי זיך געטראָגען? געשוועבט? אָדער גאָר געשטאַנען, ניט ריהרענדיג זיך פון אָרט?... דער ראָר האָט זיך פארנאַנדערגעבויגען ווי זיידענס וואָס רייסט זיך. מען איז צוגעקומען צום ברעג אָהן גערויש, ארויסגעקראָכען אויפ'ן ברעג און זיך אוועקגעלאָזען געהן צופוס. עס האָט שוין גע־טראָפּען, אז מען איז געקומען צוריק אהיים מיט'ן שפּראָץ טאָג, נאָכגעהענדיג דעם שטראָם פון טייך. מחנות זילבערנע אוקלאָפּישלאָך, גרין ווי זאנגען, אָדער בלוי ווי עדעלשטיינער, האָבען זיך צוזאמענגעקליבען ביי די ערשטע שטראהלען פון

טאָג און האָבען געקישעט, ווי די שלאַנגען ארום דעם קאָפּ פון דער מעדוזע, זיך רייסענדיג זשעדנע נאָך די שטיקלאָך ברויט, וואָס מען האָט זיי צוגעוואָרפען; זיי האָבען זיך ארונ־טערגעטונקט טיעף, זיך יאגענדיג נאָך דעם ברויט, זיך גע־דרעהט אין שפּיראַלען און זיינען פּלוצלונג פאַרשוואונדען, ווי ליכטשטראַהלען. דער טייך האָט זיך געפאַרבט אין ראָ־זיגע, פּורפּורנע אָפּשפּיגלונגען. די פייגלאָך האָבען ערוואַכט איינע נאָך די אנדערע. מען פלעגט האַסטיג געהען צוריק אהיים און מיט דערזעלבער פאַרזיכטיגקייט, ווי ביים אוועק־געהן, פלעגט קריסטאָף אריינקריכען צוריק אין שטיקיגען צימער און זיך אריינלעגען אין בעט. זיין קערפּער פלעגט זיין פריש פון דעם ריח פון די פעלדער, און ער פלעגט באַלד אריינפאַלען אין א טיעפען שלאָף.

אַלץ איז געגאַנגען כשורה, און קיינער וואָלט קיין שום אהנונג ניט געהאַט דערפון, אויב דער אינגערער ברודער ערנסט וואָלט איין מאָל ניט פאַר׳מסר׳ט וועגען קריסטאָף׳ס ביינאַכטיגע שפּאַצירען. פון דאַמאָלט אָן האָט מען עס איהם פאַרבאָטען, און מען האָט איהם שטאַרק געהיט. אבער איהם האָט זיך ווידער איינגעגעבען זיך ארויסצו׳גנב׳נען; וואָ־רום די חברותא פון דעם הויזירער און זיין פריינד איז איהם געוועזען טייערער ווי יעדער אנדער געזעלשאַפט. די משפּחה איז געוועזען שטאַרק סקאַנדאַליזירט. מעלכיאָר האָט גע־טענה׳ט, אז ער האָט די תשוקות פון א פויערייונג. דער אַל־טער זשאַן מישעל איז געוועזען אייפערזיכטיג אויף קריסטאָף׳ס צובונד צו גאָטפריעד׳ן; און ער האָט איהם גע׳מוסר׳ט, אז אזא פּראַסטע קאָמפּאַניע איז פאַר איהם א בזיון, בעת ער האָט די זכיה צו האָבען א צוטריט צו די העכסטע קרייזען, דינענדיג דעם פירשט. מען האָט אויסגעפונען, אז קריסטאָף׳ן פעהלט די נויטיגע חשיבות.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די דחקות אין געלט איז געוואָרען אלץ גרעסער, וואָס מעהר מעלכיאר האָט זיך ארייג־געלאָזען אין שכרות און אין פוסט און פּאַסעווען, דאָך איז דאָס לעבען געווען נאָך צו דערטראָגען כל זמן זשאַן־מישעל האָט געלעבט. ער איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט נאָך געהאט אויף איהם א שטיקעל איינפלוס, און וואָס האָט איהם געוויסערמאסען צוריקגעהאלטען פון זיין שוואכקייט. אויסער־דעם האָט מען צוליעב די אלגעמיינע אכטונג צום אלטען אָפט זיך געמאכט פארגעסענדיג אין די מחזקות פון שכור. און ועל כולם פלעגט דער אלטער שטענדיג ארויסהעלפען די בעל־הבית׳ישקייט מיט געלט. אויסער די באשיידענע פּענסיע, וואָס ער האָט באקומען אלס געוועזענער הויפקאפּעלמייס־טער, פלעגט ער נאָך אלץ פארדיענען קלענערע סומען געלט פון שטונדען געבען און פאר׳ן אנשטעלען די קלאווירען. דעם גרעסטען טייל דערפון פלעגט ער אריינשפּארען דער שנור, וועמעס דחקות ער האָט גוט געזעהן, כאָטש זי פלעגט זיך פלייסען עס פון איהם צו באהאלטען. לואיז׳ען האָט שטארק געקריינקט, וואָס ער ענטזאגט זיך אזוי פיעל צוליעב איהר. נאָך מעהר איז עס געווען א גרויסער פארדיענסט פון אלטען, ווייל ער איז שטענדיג געווען געוואָהנט צו לעבען ברייטלאך און האָט געהאט גרויסע באדירפנישען. אָפטמאָל זיינען די קרבנות אויך געווען ניט גענוג, און זשאַן־מישעל פלעגט מו־זען שטילערהייט פארקויפען א שטיק מעבעל, א בוך, אָדער עפּעס א מתנה, כדי צו קענען באצאָהלען א דריקענדען חוב.

מעלכיאר האָט באמערקט, אז דער אלטער מאכט לואיזען שטילערהייט מתנות, און אָפט פלעגט ער אויף דעם ארויפ־לעגען א האנט, ניט קוקענדיג אויף איהרע פּראָטעסטען. אבער ווען דער אלטער פלעגט זיך דערוויסען דערפון, — ניט פון לואיזען, וואָס האָט איהר צער ביי זיך געהאלטען, נאָר פון איינעם פון די אייניקלאָך — פלעגט ער ארייַנפאלען אין שרעקליכען צאָרן; און צווישען די צוויי מענער פלעגען פאָר־קומען סצענעס, פון וועלכע אלע פלעגען פארציטערטע ווערן. ביידע זיינען געווען אויסערגעוואוינליך היציג; זיי פלעגען באלד זיך ארויפוואַרפען איינער אויף דעם אנדערן מיט געשרייען, און סטראשונקעס; און עס פלעגט האלטען זאָגאר ביי קלעפּ. אבער אפילו אין מיטען פון זיין גרעסטען צאָרן פלעגט מעלכיאר דאָך ניט קענען פארגעסען אָן זיין טיעפען רעספּעקט צום אלטען; און, ווי שכור ער פלעגט ניט זיין, פלעגט ער סוף כל סוף דאָך איינבויגען דעם קאָפּ אונטער דעם האָגעל פון באשולדיגונגען און באליידיגונגען, מיט וועלכע דער פאטער פלעגט איהם פארוואַרפען. דאָך ניט קוקענ־דיג אויף דעם, פלעגט ער לויערן אויף א צווייטע געלעגענ־הייט כדי פון דאָס ניי דאָסזעלבע אָנצוהויבען; און זשאַן מישעל האָט מיט גרויס צער און מורא געטראַכט וועגען דער צוקונפט.

— „מיינע אָרימע קינדער“ — פלעגט ער זאָגען צו לואיזען — „וואָס וועט ווערן פון אייך, ווען איך וועל מעהר ניט זיין!“...

„צום גליק“ — פלעגט ער צוגעבען, צערטלענדיג קריס־טאָף'ן — „האלט איך זיך נאָך אויף די פיס, ביז אַט ד ע ר וועט אייך ארויסציהען פון זומפּ“.

אבער ער האָט א טעות געהאט אין חשבון; ער איז

שוין געווען ביים ענד פון זיין וועג. קיינער האָט עס ניט פאַראויסגעזעהן. כּמעט שוין אריבער שמונים, האָט ער נאָך געהאט די גאנצע האָר, א ווייסע גריווע, ערטערווייז נאָך גרויס, און א געדיכטען באָרד, זאָגאר נאָך מיט גאנץ שוואַר־צע פעדים. עס איז איהם אפילו פאַרבליבען ניט מעהר ווי א דוצענט ציינער; אבער מיט זיי האָט ער קרעפטיג געאַר־בייט. עס איז געווען א פארגעניגען איהם צו זעהן ביים טיש. ער האָט געהאט א געזונטען אפּעטיט; און כּמעט ער פלעגט פאַרוואַרפען מעלכיאַר'ן, פאר וואָס יענער טרינקט, האָט ער דאָך אליין אויך געהעריג ארייגעגאָסען... ער האָט גע־האָט א שוואכקייט צו מאָזעל־ווײַן. איבעריגענס, — וויין, ביער, אַ־ער עפּעלוויין, ער האָט ניט פארשעמט קיין זאַך, וואָס גאָט האָט אזוי פּרעכטיג געשאפען. אבער ער איז ניט געווען אזוי נאַריש, צו לאָזען דעם שכל אין גלאָז; ער האָט געוואוסט ווי צו האלטען מאָס. אמת איז אפילו, אז די מאָס איז געווען א גאנץ ברייטלאכע און אז א שוואכערער קאָפּ וואָלט בלי ספק דערטרונקען געוואָרען אין זיין גלאָז. ער איז געווען שטארק אויף די פיס, האָט געהאט א גוטע ראיה און איז געווען אונערמידליך טעטיג. זעקס אזייגער איז ער שוין געווען אויף די פיס, און האָט מיט גרויס זאָרג געמאַכט זיין טואַלעט, ווארום ער האָט גרויס געווי־כט געלעגט אויף זיין אויסזעהן, און אויף דעם איינדרוק, וואָס זיין פּערזאָן האָט געמאַכט. ער האָט געוואוינט איינער אליין אין הויז; האָט אלץ אליין געטאָן פאר זיך, און האָט ניט געקאָנט פאַרטראַ־גען, אז זיין שנור זאָל ארייגשטעקען די נאָז אין זיינע זאַ־כען: ער האָט אליין אויפגעראמט דעם צימער, אויפגעקאכט קאַפע, אליין זיך איינגענייט קנעפּלאך, צוגעשלאָגען וואָס מען האָט געדארפט, געפלעט, פארנייט; און לויפענדיג ארויף

און אראָפּ די טרעפּ, געהענדיג אריין און ארויס פון הויז אין איין העמד, מיט פארקאַשערטע ארבעל, האָט ער געהאלטען אין איין זינגען מיט זיין הילכיגער באַס שטים, וועלכע ער האָט האָלט געהאַט צו לאָזען קלינגען, און באַגלייטענדיג די נגונים מיט העויות, ווי אין אָפּערא. — נאָכהער פלעגט ער פארלאָזען די הויז אין יעדען וועטער. ער פלעגט באַזארגען אלע זיינע געשעפטען, ניט פארגעסענדיג אָן קיין איינציגס פון זיי; ער איז אבער זעלטען ווען געווען פּינקטליך: מען פלעגט איהם באַגעגענען אויף אלע גאַסען־עקען, זיך אונטער־האַלטענדיג מיט עפּעס א באַקאַנטען, אָדער זיך חכמה'נדיג מיט עפּעס א שכנה, וועמעס געזיכט עס איז איהם פאַרגעקומען באַקאַנט; ווארום ער האָט האָלט געהאַט יונגע, שעהנע מיידלאַך און די אַלטע פריינד. אַט אזוי פלעגט ער זיך פארשפּעטיגען, און האָט קיין מאָל ניט געוואוסט, ווי פיעל דער זייגער איז. דאָך אָן די צייט פון מיטאָג עסען האָט ער קיינמאָל ניט פארגעסען: ער פלעגט עסען דאָרט, וואו ער האָט זיך געפונען, זיך איינלאַדענדיג ביי וועמען עס איז. צוריק אהיים פלעגט ער קומען ערשט שפּעט אין אָווענט, אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט, נאָך דעם ווי ער האָט לאַנג געהאַט פארבראַכט ביי זיינע אייניקלאַך. ער פלעגט זיך אָוועקלעגען און דורכלייענען א זייטעל פון זיין אַלטען תנ"ך, איידער ער פלעגט צומאַכען די אויגען; און ביינאַכט — ווארום מעהר ווי א שעה — צוויי נאָך אַנאַנד האָט ער קיינמאָל ניט געשלאָפען — פלעגט ער זיך אויפהויבען, כדי צו נעהמען איינעם פון זיינע אַלטע ספרים, וואָס ער האָט געקויפט וואָלוועל ביי געלעגענהייטען: היסטאָריע, פרומע ספרים, ליטעראַטור, וויסענשאַפט; ער פלעגט דורכלייענען א פּאָר זייטען, וואָס ער האָט צופעליג אויפגעמישט און וואָס

האָבען איהם אי אינטערעסירט, אי געלאַנגוויילינט, ווייל ער האָט אָפט ניט אין גאַנצען פארשטאַנען, דאַך אין זיך אויפגענומען וואָרט פאר וואָרט, ביז... ער פלעגט ווידער איינשלאָפען. — זונטאַג פלעגט ער געהן אין קירך, שפּאַצירען מיט די קינדער און שפּיעלען פּילקעס. — ער איז קיין מאָל קראַנק ניט געוועזן, מיט אויסנאַהם פון אביסעל פּאָדאַגרא אין די פינגער פון די פיס, וואָס פלעגט כאַפּען ביי־נאַכט, אין מיטען פון לייענען דעם תנ"ך און ארויסרופען ביי איהם קללות. עס האָט באמת אויסגעזעהן, אז ער וועט אויף אזא אופן קענען ווערן הונדערט יאָהר אלט; און ער אליין האָט ניט געזעהן קיין אורזאַך, פאר וואָס ער זאָל ניט דער־ציהען נאָך לענגער. ווען מען פלעגט איהם זאָגען נביאות, אז ער וועט שטאַרבען א הונדערט יעהריגער זקן, פלעגט ער טראַכטען, ווי איינער א באַריהמטער זקן פאר איהם, אז מען דאַרף קיין גרעניץ ניט מאַכען פאר די חסדים פון כול־יכול. אז ער ווערט אלט, האָט מען נאָר געקאָנט מערקען פון דעם, וואָס ער איז מיט יעדען טאָג געוואָרען אלץ מעהר לייכט אויף טרערען און אלץ מעהר גיך אויפגעקאָכט. די קלענסטע אונגעדולד האָט ביי איהם גענומען ארויסרופען אן אויסברוך פון א משוגענעם צאָרן. זיין רויטער פּנים און זיין קורצער האלז פלעגען דערביי ווערן רויט ווי פייער. ער פלעגט אָנהויבען שווידערליך צו שטאַמלען, און פלעגט מוזען זיך אפּשטעלען, ווייל עס פלעגט איהם שטיקען. דער הויזדאָקטאר, זיינער אן אלטער פריינד, האָט איהם געגעבען אן עצה: צו זיין פאַרזיכטיגער און איינגעהאַלטענער, סאָי אין זיין כעס, און סאָי אין זיין אַפּעטיט. אבער, איינגעשפּאַרט ווי אלטע לייט זיינען בכלל, איז ער נאָך מעהר ניט פאַרזיכ־טיג געווען פון באַריהמעריי; און האָט חוזק געמאַכט פון

מעדיצין און דאָקטוירים. ער האָט זיך געפּלייסט צו ווייזען, אַז ער האָט גרויס פּאַראַכטונג צום טוידט, און האָט ניט גע־זשאַלעוועט קיין רייד צו באַווייזען, אַז ער האָט פאַר'ן טוידט קיין שום מורא ניט.

עס איז געוועזן אין אַ זעהר הייסען זומערטאָג. נאָך דעם ווי ער האָט שטאַרק אַריינגעגאָסען און זיך אָנגעהיצט דאָרט אונטען, ביים מאַרק, איז ער געקומען אהיים און גענומען אַר־בייטען אין גאָרטען. ער האָט האָלט געהאַט אַרומצוגראַבען בייטען. מיט אַ הוילען קאָפּ אונטער דער ברענענדיגער זון, נאָך אויפגערעגט פון די וכוחים, האָט ער מיט היץ געגראָ־בען. קריסטאָף איז געזעסען אין שאָטען מיט אַ בוך אין האַנט; ער האָט אָבער ווייניג וואָס געלייענט; ער האָט גע־חלום'ט, זיך צוהערענדיג צו דעם איינשלעפערנדיגען פּיש־טשענען פון גריל, און האָט מעכאַניש נאָכגעקוקט דעם זיי־דענס באַוועגונגען. דער אַלטער האָט זיך אויסגעדרעהט צו איהם מיט'ן רוקען, האָט זיך איינגעבויגען, און האָט אויסגע־ריסען די ווילדע גראָזען. פּלוצלונג האָט קריסטאָף דערזעהן, ווי ער הויבט זיך אויף, קלאַפּט מיט די הענט אין דער לופט, און פאַלט אַנידער ווי אַ סנאָפּ מיט'ן פּנים צו דער ערד. דעם ערשטען אויגענבליק האָט ער געהאַט חשק צו לאַכען. אָבער דערזעהענדיג, אַז דער אַלטער ריהרט זיך ניט, האָט ער איהם גענומען רופען, איז צוגעלאָפען צו איהם, און איהם גענומען טרייסלען מיט אַלע כחות. אַן אימה איז איהם באַ־פאַלען. ער האָט זיך געשטעלט אויף די קניע, און האָט גע־פּרובירט מיטביידע הענט אויפהויבען פון דער ערד דעם גרויסען קאָפּ. דער קאָפּ איז געוועזן אַזוי שווער און ער אַליין האָט אַזוי געציטערט, אַז נאָר מיט גרויס מאַטערניש האָט ער געקאָנט איהם אויפהויבען. אָבער ווען ער האָט דערזעהן די

אויסגעדרעהטע אויגען, וואָס זיינען געהאַנגען אין קאָפּ ווייסע און פארלאָפּענע מיט בלוט, איז ער פארגליווערט געוואָרען פון שרעק, און האָט איהם אראָפּגעלאָזען מיט א שוידערליכען געשריי. ער האָט זיך אויפגעהויבען א פארציטערטער, און זיך א לאָז געטאָן לויפען אויפ'ן גאַס. ער האָט געשריען און געוויינט. א פארבייגעהער האָט איהם אָפּגעהאַלטען; אבער קריסטאָף איז ניט געווען בכח אויסצוריידען א וואָרט; ער האָט אָנגעוויזען אויפ'ן הויז; יענער איז אריין; און קריסטאָף איז איהם נאָכגעגאַנגען. אַנדערע האָבען דערהערט זיינע קולות, און זיינען צונויפגעלאָפען פון די שכנ'יישע הייזער. באלד איז דער גאָרטען געווען פול מיט מענשען. מען האָט צוטראָטען די בלומען, מען האָט זיך אריינגעבויגען איבער'ן אלטען, מען האָט געיאָמערט. צוויידריי לייט האָבען איהם אויפגעהויבען. קריסטאָף איז געבליבען שטעהן ביים אריינגאַנג, אומגעקעהרט צום מויער, און האָט באהאַלטען זיין פּנים אין די הענט; ער האָט מורא געהאַט צו קוקען; ער האָט אבער ניט געקאָנט ביישטעהן דעם נסיון; און ווען דער עולם איז פארביי פאר איהם, האָט ער דורכגעקוקט דורך די פינגער, און דערזעהן דעם אלטענס גרויסען קערפּער, וואָס איז אראָפּגעהאַנגען אָהן שום לעבען אין זיך; איין אָרעם האָט זיך געשלעפּט אויף דער ערד; דער קאָפּ, אָנגעשפּאַרט אָן די קניע פון א טרעגער, האָט זיך געשאָקעלט ביי יעדען טריט אהין און אהער: דער פּנים איז געווען פארבלוטיגט און מיט שראַמען באדעקט, דער מויל אָפען, און די אויגען שרעקליך. ער האָט ווידער ארויסגעלאָזען א קלאָג־געשריי, און האָט גענומען לויפען. ער איז געלאָפען, ווי מען וואָלט זיך געיאָגט נאָך איהם, זיך ניט אָפּשטעלענדיג, ביז ער איז געקומען צו דער מוטערס הויז.

ער האָט זיך אריינגעכאפּט אין קיך מיט אַ שרעקליכען געשריי. לואיזע האָט געריייניגט גרינסען. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף איהר, און האָט איהר ארומגענומען מיט פאַרצווייפלונג, אזוי ווי ער וואָלט געזוכט, אז זי זאָל איהם ראטעווען. זיין פּנים האָט געציטערט קאָנוואולסיוו, און ער האָט קוים געקאָנט ריידען. אבער שוין פון ערשטען וואָרט האָט זי פארשטאַנען. זי איז געוואָרען אין גאנצען בלאַס, האָט געלאָזען פאַלען אַלץ, וואָס זי האָט געהאַט אין האַנט און, אָהן איין וואָרט, האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן פון הויז.

קריסטאָף איז געבליבען אליין אין צימער, איינגעקאַרטשעט לעבען אַלמער, און האָט ווייטער געוויינט. זיינע ברידער האָבען זיך געשפּיעלט. ער האָט זיך ניט אָפּגעגעבען קיין גענויען חשבון, וואָס עס איז געשעהן; ער האָט ניט געטראַכט וועגען זיידען; ער האָט נאָר געטראַכט וועגען די שרעקליכע בילדער, וואָס ער האָט אַקאָרשט געזעהן, און ער האָט געציטערט פאַר דעם געדאַנק זיי ווידער צו זעהן, וויעדער צו דאַרפען געהן אהין.

און באמת, פאַרנאַכט, בעת די אַנדערע קליינע האָבען אָנגעהויבען צו בניקען, נאָך דעם ווי זיי האָבען אַ גאַנצען טאָג איבערגעקעהרט די שטוב קאַפּויער, אפּטוענדיג אַלערליי מחזקות, אז זיי איז אומעטיג און אז זיי זיינען הונגעריג, איז לואיזע געקומען צו לויפען, האָט זיי גענומען פאַר די הענט און אוועקגעפיהרט צום זיידען. זי איז געגאַנגען זעהר גיך, און ערנסט און רודאָלף האָבען אָנגעהויבען צו בורטשען, ווי דער שטייגער איז; דאָך לואיזע האָט זיי געהייסען שווייגען אין אזא טאָן, אז זיי זיינען אנטשוויגען געוואָרען. אינסטינקטיוו איז אַ שרעק אויף זיי באַפאַלען: ווי נאָר זיי זיינען אריין אין הויז, האָבען זיי גענומען וויינען. עס איז נאָך

ניט געווען אין גאַנצען פינסטער. דער לעצטער שימער פון דער פאַרגעהענדער זון האָט באַלויכטען משוגה׳דיגע אָפּ־שפּיגלונגען אינעווייניג אין הויז — אויפ׳ן הענטעל פון טיר, אויפ׳ן שפּיגעל, אויף דער פידעל, וואָס איז געהאַנגען אויפ׳ן וואַנט פון ערשטען האַלב־פינסטערן צימער. אבער ביים אַלטען אין צימער האָט געברענט א ליכט, וועמעס פינקעלדיגער פלאַם האָט זיך צוזאַמענגעשטויסען מיט דעם בלאַסען שיין פון אָפּשטאַרבענדען טאָג, מאַכענדיג נאָך מעהר דריקענד דעם שווערען שאָטען פון צימער. לעבען פענסטער איז געזעסען מעלכיאָר און האָט הויך געוויינט: דער דאָק־טאָר איז געווען אַריבערגעבויגען איבער׳ן בעט און ניט גע־לאָזען זעהן, וואָס דאָרט ליעגט. קריסטאָף׳ס האַרץ האָט געקלאַפּט ווי צום צופּלאַצט ווערן. לואיזע האָט באַפוילען די קינדער זיך צו שטעלען אויף די קניע ביים ברעג פון בעט. קריסטאָף האָט ריזיקירט א קוק צו טאָן. נאָך דער סצענע ביי טאָג, האָט ער ערוואַרט צו זעהן עפּעס אַזוינס שרעקלי־כעס, אַז ער האָט דעם ערשטען אויגענבליק דערפיהלט כמעט א דערלייכטערונג. דער זיידע איז געלעגען ניט ריהרענדיג זיך, און עס האָט אויסגעזעהן ווי ער וואָלט שלאָפען. דאָס קינד האָט אויף א מינוט געהאַט דעם איינדרוק, אַז דער זיידע איז געזונט געוואָרען, און אַז אַלץ איז פאַרביי. אבער, ווען ער האָט דערהערט זיין שווערען אָטעם, און ווען זיך צוקוקענדיג נאָהענטער, האָט ער דערזעהן זיין געשוואָלענעם פּנים, אויף וועלכען עס איז געווען א גרויסער, א בלויער פלעק פון פאַל: ווען ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער, וואָס ליעגט דאָרט האַלט ביים שטאַרבען, האָט ער אָנגעהויבען צו ציטערן: און נאָכזאָגענדיג הויך לואיזעס תּפלה, אַז דער זיידע זאָל געזונט ווערן, האָט ער דאָך טיעף אין האַרצען

מתפּלל געווען, אַז אויב דער זיידע קען ניט געזונט ווערן, זאָל ער בעסער שוין שטאַרבן. ער האָט מורא געהאַט פאַר דאָס, וואָס דאַרף נאָך פאַרקומען.

נאָך דעם פאַל איז דער אַלטער שוין מעהר צו זיך ניט געקומען. נור איין אויגענבליק האָט אַ ליכט זיך באַוויזען אין איהם, לאַנג גענוג, ער זאָל פאַרשטעהן אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד ער געפינט זיך — און דאָס איז געווען שרעקליך. דער גלח האָט איבער איהם ודוי געזאָגט; מען האָט דעם אַל־טען אויפגעהויבען אין זיין קישען; ער האָט שווער געעפענט די אויגען, וועלכע האָבען קוים געפאָלגט זיין ווילען; ער האָט מיט גערויש געאָטעמט, האָט באַטראַכט די סביבה, די פּנים'ער, די ליכט, ניט פאַרשטעהענדיג, וואָס דאָ טוט זיך; און, פּלוצלונג, האָט ער געעפענט דעם מויל; אַן אונבאַשרייב־ליכער שוידער איז געווען אויסגעמאָלט אויף זיין פּנים:

— „הייסט עס — האָט ער געשטאַמעלט — „הייסט עס — איך שטאַרב!“...

דער שוידערליכער טאָן פון קול האָט זיך דורכגעגעבערט דורך קריסטאָף'ס האַרץ; קיין מאָל אין לעבען האָט ער דעם קול ניט געקאָנט אויסמעקען פון זיין זכרון. דער אַלטער האָט שוין מעהר ניט גערעדט; ער האָט געקרעכצט ווי אַ קליין קינד. נאָכהער איז ער ווידער אריינגעפאַלען אין אַ באַטויי־בונג, האָט אָבער נאָך שווערער געאָטעמט, האָט געיאָמערט, געצאַפּעלט מיט די הענט, און עס האָט אויסגעוויזען, אַז ער וועהרט זיך געגען טוידט־שטראָף. אין זיין האַלב־באַוואוסטען צושטאַנד האָט ער איינמאָל אויסגערופען: „מאַמע!“

אַ, אָט דער שרעקליכער איינדרוק! דאָס שטאַמלען פון אַלטען מאַן, וואָס האָט פון שרעק זיין מאַמען גערופען, פּונקט ווי קריסטאָף אַליין וואָלט עס געטאָן, — זיין מאַמען, פון

וועלכער ער האָט קיין מאָל אין זיין לעבען ניט גערעדט, און
צו וועלכער ער האָט איצט זיך אינסטינקטיוו געווענדעט:
דער העכסטער אבער אומזיסטער שוץ אין העכסטען שרעק!...
עס האָט אויסגעוויזען ווי ער וואָלט איין מינוט זיך בארו־
היגט; נאָך איינמאָל האָט דאָס באוואוסטזיין א פינקעל גע־
טאָן. זיינע שווערע אויגען, וועמעס שווארץ־אפּעל האָבען
אויסגעזעהן זיך ארומצודרעהען צוועקלאָז, האָבען אָנגעטראָ־
פען דעם קליינעם, וואָס איז געווען פארגליווערט פון שרעק.
זיי האָבען זיך אָנגעצונדען. דער אלטער האָט געמאכט אן
אָנשטרענגונג צו שמייכלען און צו ריידען. לואיזע האָט גע־
נומען קריסטאָף'ן און איהם צוגעפיהרט צום בעט. זשאַן מי־
שעל האָט געשאָקעלט מיט די ליפּען, און געזוכט איהם אַ
גלעט צו טאָן מיט דער האנט, אָבער באלד איז ער ווידער
אריינגעפאלען אין זיין באטויבונג. דאָס איז געווען דער
סוף.

מען האָט די קינדער אוועקגעשיקט אין צווייטען צי־
מער; אבער עס איז געווען צו פיעל צו טאָן, אז מען זאָל זיך
פארנעהמען מיט זיי. קריסטאָף, צוגעצויגען פון שרעק, האָט
דורכגעקוקט דורך די האלב אָפענע טיר, און האָט דערזעהן
דעם שוידערליכען פּנים, וואָס איז געלעגען צוריקגעוואָרפען
אויפ'ן קישען, צושמעטערט פון שרעקליכען דרוק, וואָס האָט
איהם דעם האלז צוזאמענגעשנורעוועט... דעם פּנים, וואָס
איז פון מינוט צו מינוט אלץ מעהר איינגעפאלען... אָט דאָס
פארזונקען ווערן פון דעם זיין אין נישט־זיין, וואָס האָט אויס־
געוויזען איהם אויסצוזויגען ווי א פּאָמפּע; דאָס שוידערליכע
גסיסה־כאָרכלען, דאָס מעכאַנישע אָטעמען, וואָס איז עהנ־
ליך צו לופט־בלעזלאך, וואָס פּלאצען אויף דער אויבערפלעך
פון וואסער; די לעצטע אָטעמצוגען פון א גוף, וואָס מאָ־

טערט זיך נאָך צו לעבען בעת די נשמה איז שוין ניטאָ מעהר...
— נאָכהער האָט דער קאָפּ זיך אראָפּגעגליטשט אַן דער זייט פון קישען, און אַלץ איז געוואָרען שטיל.

ערשט אין עטליכע מינוט ארום, אין מיטען פון דער לויפעניש, תפלות און צורודערטקייט, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען דורכ'ן טוידט, האָט לואיזע באמערקט דעם אינגעל, ווי ער איז געשטאַנען א טויט-בלאסער, מיט אַן אָפּענעם מויל, מיט אויסגעשטאַרצטע אויגען, זיך האַלטענדיג צוגעדריקט קאָנוואולסיוו אַן דער קלאַמקע פון טיר. זי איז צוגעלאָפען, צו איהם, און אין איהרע הענט איז א קריזיס באַפאלען אויף איהם. זי האָט איהם אַוועקגעטראָגען אין זיין צימער. ער איז אריינגעפאלען אין חלשות. צו זיין באַוואוסטזיין איז ער געקומען ערשט שפּעטער, ליגענדיג ביי זיך אין בעט, האָט שרעקליך געשריען, ווייל מען האָט אויף איין מינוט איהם געלאָזען אליין, איז אריינגעפאלען אין א נייעם קריזיס און ווידער אין חלשות. די לעצטע שעה פון דער נאכט און דעם אנדערן פארמיטאג איז ער געלעגען אין היץ. צום סוף האָט ער זיך בארוהיגט, און אין דער צווייטער נאכט איז ער אריינגעפאלען אין א טיעפען שלאָף, וואָס האָט אָנגעהאלטען ביז אויף מאָרגען בייטאָג. ער האָט געהאט דעם איינדרוק, אז מען געהט ארום אין צימער, אז די מוטער האָט זיך אריבערגעבויגען איבער זיין בעט און איהם א קוש געטאָן; איהם האָט זיך געדאכט, אז פון דער ווייטענס הערט ער דאָס זיסע קלינגען פון גלאָקען. אבער ער האָט ניט געוואָלט זיך ריהרען; ער איז געווען ווי אין א חלום.

ווען ער האָט געעפענט די אויגען, איז דער פעטער גאָטפריעד געזעסען לעבען איהם. קריסטאָף האָט זיך געפיהלט ווי צובראָכען, און האָט אַן קיין זאך זיך ניט דערמאָנט.

נאָכהער האָט דער זכרון ערוואכט אין איהם, און ער האָט אנגעהויבען צו וויינען. גאָטפריעד האָט זיך אויפגעהויבען און איהם א קוש געטאָן.

— „נו, מיין קליין קינד, נו?" — האָט ער צערטליך א זאָג געטאָן.

„אך! פעטער, פעטער!" — האָט דאָס קינד געיאָמערט און זיך צוגעדריקט צו איהם.

— „וויין!" — האָט גאָטפריעד געזאָגט — „וויין!" ער אליין האָט אויך געוויינט.

ווען קריסטאָף האָט זיך דערפיהלט אביסעל לייכטער, האָט ער אויסגעווישט די אויגען און א קוק געטאָן אויף גאָטפריעד'ען. גאָטפריעד האָט באמערקט, אז ער וויל איהם עפּעס וואָס פרעגען.

— „ניין" — האָט ער א זאָג געטאָן, אוועקלעגענדיג דעם פינגער אויפ'ן מויל — „ניט ריידען. וויינען איז גוט, ריידען איז שלעכט."

דאָס קינד האָט אבער ניט נאָכגעלאָזען.

— „דאָס וועט ניט העלפען."

„נאָר איין פראגע, איין איינציגע"!...

קריסטאָף האָט זיך געשלאָגען מיט דער דעה.

„אך, פעטער" — האָט ער ענדליך א פרעג געטאָן — „וואו איז ער איצט"?

גאָטפריעד האָט געענטפערט:

„ער איז ביי גאָט דעם האר, מיין קינד."

אבער דאָס האָט קריסטאָף גאָר ניט געוואָלט וויסען.

„ניין, דו פארשטעהסט מיך ניט: וואו איז ע ר, ע ר?"

(ער האָט געוואָלט זאָגען: דער גוף.)

מיט א ציטערנדיגען קול האָט ער ווייטער גערעדט:
„איז ער נאָך אַלץ אין דער היים“?

„היינט אין דער פריה האָט מען אונזער טייערן אַלטען מקבר געווען“ — האָט גאָטפריעד געזאָגט — „האָסטו ניט געהערט די גלאָקען?“

קריסטאָף האָט זיך געפיהלט דערלייכטערט. באַלד האָט ער אבער ווידער אָנגעהויבען ביטער צו וויינען, פאר וואָס ער וועט מעהר שוין קיינמאָל ניט זעהן דעם טייערען זיידען.

— „אָרימער, קליינער נפש'ל!“ — האָט גאָטפריעד א פאָר מאָל איבערגע'חזר'ט, באַטראַכטענדיג דאָס קינד מיט רחמנות.

קריסטאָף האָט געוואַרט, אז גאָטפריעד זאָל איהם אָנהויבען טרייסטען; אבער גאָטפריעד האָט עס אפילו ניט גע־פּרובירט, ווִיסענדיג, אז דאָס איז נוצלאָז.

„פעטער גאָטפריעד!“ — האָט דאָס קינד א פרעג גע־טאָן — „האָסטו גאָר קיין מורא ניט פאר דעם?“

(וואָס וואָלט ער ניט געגעבען, אויב גאָטפריעד וואָלט ניט מורא געהאט, און איהם אויך אויסגעלערנט דעם סוד!)
אבער גאָטפריעד איז געוואָרען אונרוהיג.

— „שווייג!“ האָט ער א זאָג געטאָן מיט א דערשראָ־קענעם קול.

— „ווי אזוי זאָל מען ניט האָבען קיין מורא“ — האָט ער געזאָגט אין א ווײַלע ארום — „אבער וואָס קען מען טאָן? עס איז שוין אזוי. מען מוז זיך אונטערגעבען“.

קריסטאָף האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אַלס פּראָטעסט.

— „מען מוז זיך אונטערגעבען, מיין קינד“ — האָט גאָטפריעד איבערגע'חזר'ט—„ע ר, וואָס זיצט אויבען, האָט עס געוואָלט. מיר מוזען ליעב האָבען, וואָס ע ר וויל!“
„איך האָס איהם“ — האָט קריסטאָף זיך אָפּגערופען

מיט כעס, סטראשענדיג דעם הימעל מיט זיין קליינעם פויסט:

גאָטפריעד, א צושראָקענער, האָט איהם געהייסען שווייגען. קריסטאָף אליין האָט זיך דערשראָקען פאר דאס, וואס ער האָט געזאָגט, און האָט אָנגעהויבען, צוזאמען מיט גאָטפריעד'ן, צו זאָגען תפלה. אבער טיעף ביי איהם אין הארצען האָט געקאָכט; און בעת ער האָט נאָכגעזאָגט די ווערטער פון בלינדער געהאָרכזאמקייט און אונטערגעבענ־קייט, האָט ער טיעף אין זיך געהאט נאָר א געפיהל פון לייד־דענשאפטליכען בונט און שרעק געגען יענע העסליכע בריאה, געגען יענע משונה'דיגע עפעס, וואס האָט געקאָנט אזוינס שאפען.

טעג און רעגענדיגע נעכט ציהען זיך, גהען פאַרביי איבער די פריש־אַנגעשאָטענע ערד, וואו עס ליעגט טיעף, פון אַלעמען פאַרלאָזען, דער אַרימער אַלטער זשאַן מישעל. אַ קורצע צייט האָט מעלכיאָר פיעל געוויינט, געשריען, געכלי־פּעט. אבער נאָך איידער די ערשטע וואָך איז פאַריבער, האָט קריסטאָף איהם געהערט לאַכענדיג פון פולען האַרצען. ווען מען פלעגט פאַר איהם דערמאָנען דעם נאָמען פון פאַרשטאָר־בענעם, פלעגט ער מאַכען אַ טרויעריגע מינע; אבער אַ־ן אַ מינוט אַרום פלעגט ער ריידען און מאַכען העוויות מיט התלהבות. ער האָט באמת צער געהאַט, אבער ער האָט ניט געקאָנט לאַנג בלייבען אונטער אַ טרויעריגען איינדרוק.

לואיזע האָט שטיל און אונטערטעניג אויפגענומען דעם אונגליק, ווי זי האָט אַלץ אויפגענומען. צו איהרע טעגליכע תפלות האָט זי צוגעגעבען נאָך אַ נייע; זי גהט רעגעלמע־סיג אויפ׳ן בית־עלמין, און זאָרגט פאַר׳ן קבר, אַזוי ווי דער קבר וואָלט געהערט צו איהר בעל־הבית׳ישקייט.

גאָטפריעד ווייזט אַרויס אַ ריהרענדע אויפמערקזאַמ־קייט צו דעם שטיקעל ערד, וואו דער אַלטער ליעגט. ווען ער קומט אין יענער געגענד, ברייננגט ער מיט זיך מיט עפּעס אַן אָנדענקען: אַ צלם, אַליין אויסגעשניטען, אָדער אַ פּאָר בלו־מען, וואָס דער אַלטער זשאַן מישעל האָט האָלט געהאַט. ער פאַרפעהלט עס קיינמאָל ניט, אפילו ווען ער איז נאָר עטליכע שעה אין שטאָדט; אבער ער טוט עס באַהאַלטענער־הייט.

לואיזע נעהמט אָפּט מיט קריסטאָף׳ן, ווען זי באזוכט דעם בית עלמין. קריסטאָף פּיהלט א שטארקען עקעל צו דער פעטער ערד, וואָס איז באקליידעט מיט א טרויעריגער ציע־רונג פון בלומען און בוימער; אויך פון דעם שווערען ריח, וואָס שוועבט ארום אין דער לופט, און מישט זיך דורך מיט דעם הויך פון די ציפּרעסען. אבער ער האָט ניט קיין העזה פאר וועמען עס איז זיך מודה צו זיין אין זיין ווידערווילען, ווייל ער אליין ווארפט זיך פאר, אז דאָס איז א פייגהייט און זינד. ער איז זעהר אונגליקליך. דער געדאנקען וועגען זיי־דענס טויט פארפאָלגט איהם אָהן אן אויפהער. עס איז שוין אפילו זעהר לאנג, זינט ער וויים, וואָס עס איז אזוינס דער טויט, זינט ער טראכט וועגען דעם און האָט מורא פאר דעם. אבער ער האָט נאָך קיינמאָל דעם טויט ניט געזעהן; און ווער עס זעהט דעם טויט צום ערשטען מאָל, באמערקט דאַמאָלט, אז ער האָט פריהער נאָך גאָר ניט געוואוסט מכח לעבען און טויט. אלץ ווערט מיט אמאָל אויפגעטרייסעלט, און וויפיעל שכל מען האָט, נוצט גאָר ניט. מען דענקט, אז מען לעבט, און מען האָט לעבענסערפאהרונג: און מען זעהט מיט אמאָל, אז מען האָט גאָר ניט געוואוסט; מען זעהט, אז מען האָט גאָר ניט געזעהן, אז מען האָט געלעבט איינגעווי־קעלט אין א שלייער פון אילוזיעס, אויסגעוועבט פון גייסט, וואָס האָט פארשטעלט פון די אויגען דעם שרעקליכען בילד פון דער ווירקליכקייט. עס איז ניטאָ קיין פארבינדונג צווי־שען דער אידעע וועגען ליידען און יענעם באשעפעניש, וועל־מעם הארץ עס ליידעט און בלוטיגט. עס איז גאָר ניט פאראַן קיין באציהונג צווישען דעם געדאנק וועגען טויט און יענע קאָנוואולסען פון פלייש און נשמה, וואָס שטעלען זיך אנט־קעגען טויט און וואָס שטארבען דאָך. די גאנצע מענשליכע

שפּראַך און אונזער גאַנצע מענשליכע חכמה זיינען נאָר אַ שפּיעל פון ליאַלקעס נאָך דער טרויעריגער ענטדעקונג פון דער שרעקליכער ווירקליכקייט — ווענען די עלענדע באַשעפעני־שען פון פלייש און בלוט, ווענעם גאַנצע אומזיסטע, פאַר־צווייפעלטע אנשטרענגונג עס ווערט אוועקגעגעבן אַנצו־האַלטען דעם לעבען, וואָס האַלט אין פוילען פון שעה צו שעה.

אַט ווענען דעם האָט קריסטאָף געטראַכט טאָג און נאַכט. די זכרונות אַן דער גסיסה האָבען איהם פאַרפאָלגט: ער האָט געהערט דאָס שרעקליכע כאַרכלען. נאַכט פאַר נאַכט פלעגט דער זיידע זיך איהם באַווייזען. די גאַנצע נאַטור האָט זיך געענדערט. עס האָט אויסגעוויזען, ווי אַן אייזיגער נעבעל האָט זיך איבער איהר פאַרצויגען. אַרום און אַרום, איבעראַל וואו ער האָט זיך נאָר געקעהרט, האָט ער אויף זיין פּנים געפיהלט דעם מערדערישען הויך פון דער בלינדער און אַלמעכטיגער בעסטיע; ער האָט זיך געפיהלט אונטער דעם פויסט פון אַט דער צושטערענדער קראַפט, געגען וועלכע מען קען קיין זאַך ניט טאָן. אָבער אנשטאָט איהם צוצוברעכען, האָט דער געדאַנק איהם אָנגעפילט מיט פּראָטעסטען און האַס. ער האָט זיך ניט אונטערגעגעבען. ער האָט זיך גע־וואָרפען מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ געגען דאָס אונמעגלי־כע; ער האָט אפילו געמענט ברעכען דעם קאָפּ און זיך אי־בערצייגען, אַז ער איז ניט דער שטאַרקערער. ער האָט אבער ניט אויפגעהערט זיך צו בונטעווען געגען דאָס ליידען. פון איצט אָן איז זיין לעבען געוואָרען אַ שטענדיגער קאַמפּף גע־גען די גרויזאַמקייט פון שיקזאַל, וועלכע ער האָט ניט גע־קאָנט דערלאָזען.

פֿון אָט דער געדאנקען־מאטערניש האָט דאָס עלענד פֿון לעבען גופא איהם אָפּגעווענדעט. דאָס חרוב־ווערן פֿון דער פֿאמיליע, וואָס זשאן־מישעל אליין האָט צוריקגעהאלטען, איז איצט, נאָך זיין טויט, אָנגעגאנגען מיט א באזונדערער שנעלקייט. אין אלטען האָבען די קראפטס פֿארלאָרען זייער שטארקסטע שטיצע; און דאָס עלענד האָט זיך איצט אריינגעקליבען אין הויז.

מעלכיאָר האָט נאָך מיטגעהאָלפֿען אין דעם. אנשטאָט מעהר צו ארבייטען, האָט ער זיך איצט, ווען עס איז ניט געבליבען, ווער עס זאָל איהם צוריקהאלטען, זיך אין גאנצען אריינגעלאָזען אין שכרות. כמעט יעדע נאכט פֿלעגט ער קומען אהיים א שכור׳ער, און קיין מאָל האָט ער ניט מיטגעבראכט וואָס עס איז פֿון זיין פֿארדיענסט, ועל כולם האָט ער פֿארלאָרען כמעט אלע זיינע שטונדען. איין מאָל איז ער געקומען צו א שילערין טויט־שכור: דער סוף פֿון דעם סקאנדאל איז געווען, וואָס אלע הייזער זיינען פֿאר איהם געוואָרען פֿארמאכט. אין אָרקעסטער האָט מען איהם געהאלטען נאָר צוליעב דעם אָנדענקען אָן זיין פֿאָטער; אבער לואיזע האָט געציטערט יעדען טאָג, אז מען זאָל איהם ניט משלח זיין נאָך עפּעס א סקאנדאל. מען האָט איהם שוין גאנץ ערנסט מתרה געווען: אין געוויסע אָווענטען האָט ער זיך געשטעלט ביי זיין שטענדער, ערשט צו ענד פֿון דער פֿאָרשטעלונג; צוויי־דריי מאָל האָט ער אינגאנצען פֿארגעסען צו קומען. און אויף וואָס איז ער ניט געווען קאפּאבעל אין די מינוטען פֿון נא־

רישער אויפרעגונג, ווען עס פלעגט איהם ציהען ארויסצוריי־ דען, אָדער אַפּצוטאָן עפּעס א נאַרישקייט! עס איז איהם איין אָוועגט גאַר אריינגעקומען מיט אמאָל די משוגעת, אין מיטען פון אן אקט פון ו ו אַ ל ק י ר ע צו ווען אויפ־ שפּילען זיין גרויסען פידעל־קאָנצערט! מיט גרויס מאטער־ ניש האָט מען איהם דערפון צוריקגעהאלטען. עס איז שוין אויך פאָרגעקומען, אז ער האָט זיך פארנאַנדערגעלאכט הויך אויפ'ן קול אין רעכטען מיטען פון דער פאָרשטעלונג, אונטער דעם איינדרוק פון די שפּאסיגע בילדער אויף דער סצענע, אָדער אין זיין מוח. ער האָט הייםלאך געמאכט זיינע שכנים. מען האָט איהם פיעל מוחל געווען צוליעב זיין לעבערליכ־ קייט. אבער אזא נאָכגעבעניש איז געווען ערגער ווי די גרעס־ טע שטריינגקייט; און קריסטאָף פלעגט פלאצען פון שאנד.

דאָם קינד איז איצט געווען דער ערשטער פידלער אין אָר־ קעסטער. ער האָט אזוי זיך איינגעשטעלט, דאָס ער האָט גע־ קאָנט האלטען אן אויג אויפ'ן פאטער, פארנעהמען זיין פלאץ, און איהם מאכען שווייגען, ווען ער פלעגט זיך פאר־ נאַנדערלאָזען פלוידערן. לייכט איז עס אבער איהם ניט אָנ־ געקומען, און די בעסטע זאך איז געווען זיך צו מאכען ניט זעהענדיג; ווארום ווי נאָר מעלכיאר פלעגט פיהלען שכור'ערהייט, אז מען קוקט איהם נאָך, פלעגט ער אָנהויבען מאכען משונה'דיגע העויות און זיך אריינלאָזען אין גע־ שפּרעכען. קריסטאָף פלעגט אָפּקעהרען דעם בליק, כּאָטש ער פלעגט ציטערן, ער זאָל ניט אָפּטאָן עפּעס א שפּיצעל; ער פלעגט זיך פלייסען צו פארטיפען זיך אין די נאָטען, אבער דאָס פלעגט איהם ניט שטערען צו הערען מעלכיאָר'ס באַ־ מערקונגען און דעם געלעכטער פון די שכנים. טרעהרען פלע־ גען זיך איהם שטעלען אין די אויגען. די מוזיקאנטען, עהר־

ליבע מענשען, האבען עס געמערקט און רחמנות געהאט מיט איהם; זיי האבען געזוכט איינצוהאלטען זיך פון לאכען, און האבען אויסגעמיידט צו ריידען אין קריסטאף'ס אנוועזענהייט וועגען זיין פאטער. אבער קריסטאף האט געפיהלט זייער רחמנות. ער האט געוואוסט, אז ווי נאר ער קעהרט זיך אפ, געהען די לצנות ווייעדער אן כסדר, און אז פון מעלכיאר'ן מאכט די גאנצע שטאדט חוזק.

ער האט קיין זאך ניט געקאנט טאן עס צו שטערען; און דאס האט איהם שטארק וועה געטאן. ער האט גענומען פיהרען דעם פאטער אהיים נאך דער פארשטעלונג, האט איהם געגעבען די האנט, געלאזט איהם פלאפלען, און געזוכט צו באהאלטען זיינע ניט-פעסטע טריט. אבער וועמען האט ער גענארט דערמיט? ניט קוקענדיג אויף אלע זיינע אנשטרענגונגען, האט ער גאנץ זעלטען געקאנט דערפיהרען דעם פאטער ביז צום ציעל. אנקומענדיג צום עק גאס, פלעגט מעלכיאר ערקלערען, אז ער האט א וויכטיגע צוזאמענטרעפונג מיט עטליכע פריינד, און קיין טענות האבען ניט געהאלפען איהם צו מאכען ניט האלטען זיין אפמאך. עס איז זאגאר געווען א סך קליגער ניט פיעל ארייננצו'טענה'ן, כדי ניט צו דארפען אריבערטראגען א סצענע פון פאטערליכע קללות, וואס פלעגט צוזאמענרופען די שכנים ביי די פענסטער.

דאס גאנצע געלט פון דער בעל-הבית'ישקייט איז אויף אזא אופן אוועק. מעלכיאר האט זיך ניט באגנוגענט דערמיט, וואס ער פלעגט פארטרינקען זיין אייגענעם פארדינסט; ער פלעגט נאך פארטרינקען, וואס זיין פרוי און זיין זוהן האבען מיט אזוי פיעל אנשטרענגונג פארדינט. לואיזע האט גע-

וויינט; אבער זי האָט ניט געוואגט זיך צו שטעלען אנטקעגען, זינט דער מאַן האָט איהר גאַנץ גראָב דערמאָנט, אַז קיין זאך איין הויז געהערט ניט איהר. ווארום זי האָט ניט געהאט קיין איין גראָשען, ווען ער האָט מיט איהר חתונה געהאט. קריסטאָף האָט געפּרובירט זיך שטעלען אנטקעגען, אבער מעלכיאר איז איהם פאַרפאַהרען א פּאטש, האָט איהם באַהאנדעלט ווי א גאַסעניונג, און האָט ארויסגעריסען דאָס געלט ביי איהם פון האנט. דער איינגעל איז דאמאָלט אַלט געווען צווישען צוועלף און דרייצעהן יאָהר; ער איז געווען קרעפּטיג און געזונט, און האָט אָנגעהויבען אונטערצובורטשען געגען אזוינע שטראָף'ן; אבער ער האָט נאָך אַלץ מורא געהאָט אָפּעו צו רעוואָלטירען; און כדי ניט צו דארפען אריבערטראָגען נאָך אזוינע ערנידערונגען, האָט ער זיך געלאָזען באַראַבעווען. דער איינציגער מיטעל פאַר איהם און לואיזען איז געווען צו באהאלטען זייער געלט, אבער מעלכיאר האָט געהאט א מערקווירדיגע פעהיגקייט אויסצוגעפינען זייערע באהעלטענישען, ווען זיי פלעגען ניט זיין אין דער היים.

באַלד איז דאָס אויך ניט געווען גענוג פאַר איהם. ער האָט אויספאַרקויפט די זאכען, וואָס ער האָט גע'ירש'נט פון טאַטען. קריסטאָף האָט מיט גרויס הארצווייטאָג געזעהן, ווי די טייערע אָנדענקונגען פארשווינדען: די ביכער, דאָס בעט, די מעבעל, די פּאָרטרעטען פון די מוזיקאנטען. אבער ער האָט גאָרנישט געקאָנט זאָגען. איינמאָל האָט מעלכיאר זיך אָפּגעשלאָגען אַן דעם אַלטענם קלאַוויר, און זיך רייבענדיג די קניע, האָט ער געשריען, אַז עס איז ניטאָ וואו זיך א קעהר צו טאָן; און האָט געשווארען מיט כעס, אַז ער וועט די גאַנצע אַלטווארג אויסראמען פון שטוב. קריסטאָף האָט זיך שטאַרק צושריען.

עס איז אפילו געווען אמת, אז די צימערן זיינען געווען אָנגעשטאפּט, זינט מען האָט דאָרט אריינגעשפּארט דעם אַל־טענם מעבעל, נאָכדעם ווי מען האָט פארקויפט זיין הויז, דאָס טייערע הויז, וואו קריסטאָף האָט די שענסטע שטונ־דען פון זיינע קינדער־יאָהרען פארבראכט. עס איז אויך אמת, אז דער אַלטער קלאַוויר האָט קיין גרויסען ווערט ניט געהאט, אז ער האָט געהאט א הייזעריגען טאָן, און אז קריס־טאָף האָט שוין זינט א לאַנגער צייט עס מעהר ניט באַנוצט, און געשפּיעלט אויף דעם נייעם, שעהנעם קלאַוויר. וואָס ער האָט געקראָגען א דאנק דער ברייטער האנט פון פירשט; אָבער ווי אַלט און שוואך דער אינסטרומענט איז ניט געווען, איז ער אַלץ פארבליבען קריסטאָף'ס בעסטער פריינד: דאָס האָט ער ענטפּלעקט פאר'ן קינד די וועלט פון מוזיק, וואָס וויים פון קיין גרענעצען ניט; אויף זיינע געלע, אבגעריבע־נע קלאַווישען האָט ער אויסגעפונען דאָס קעניגרייך פון טע־נער און זייערע געזעצען; עס איז געווען דאָס ווערק פון זיי־דען, וועלכער האָט פארבראכט חדשים לאַנג עס צו מאכען פאר א כלי פאר זיין אייניקעל, און וואָס האָט אזוי שטאָל־צירט דערמיט; עס איז געווען א הייליגע זאך. דערפאר האָט קריסטאָף פּראָטעסטירט, אז ער האָט ניט קיין רעכט עס צו פארקויפען. מעלכיאר האָט איהם באפוילען צו שווייגען. קריסטאָף האָט זיך נאך העכער צושריען, אז דער קלאַוויר איז זיינער, און אז ער פארבאָט עס אָנצוריהרען. ער האָט ער־ווארט צו קריגען א שטארקע מפּלה. אבער מעלכיאר האָט א קוק געטאָן אויף איהם מיט א בייזען שמייכעל און האָט גע־שוויגען.

אויף מאָרגען האָט קריסטאָף אַלץ שוין געהאט פאר־געסען. ער איז געקומען א היים א פארמאטערטער, אבער

גאַנץ גוט אויפגעלעגט. מיט אמאָל האָט ער באמערקט די ביטרע בליקען פון זיינע ברידער: זיי האָבען ביידע זיך גע־מאכט, ווי זיי וואָלטען געווען פארטיעפט אין א בוך; אבער דערביי האָבען זיי נאָכגעקוקט זיין יעדער באוועגונג, און זיך וויעדער פארטיעפט אין לייענען, ווי נאָר ער פלעגט א קוק טאָן אויף זיי; ער האָט א מינוט ניט געצווייפעלט, אז זיי האָבען איהם אָפּגעטאָן עפּעס א שפּיצעל; אבער אזוי ווי ער איז דערצו שוין געוואָהנט געווען, האָט ער זיך וועניג געקי־מערט וועגען דעם, באשליסענדיג פעסט ביי זיך, זיי גוט אָנ־צוקלאַפּען די ביינער, ווי געוועהנליך, ווען ער וועט עס אויס־געפינען. ער האָט אבער געהאַלטען פאר ניט וויכטיג נאָכ־צופאָרשען, וואָס די זאך איז אזוינס, און האָט זיך אריינגע־לאָזען אין א געשפּרעך מיט זיין פאטער, וואָס איז געזעסען ביים פייער, און איהם אויסגעפרעגט וועגען דעם, ווי עס איז איהם היינט געגאַנגען מיט אזא צערטליכקייט און אינטע־רעס, צו וועלכע ער איז גאָר ניט געווען געוואָהנט. בעת דער פאָטער האָט מיט איהם גערעדט, האָט ער באמערקט, אז מעלכיאר ווארפט זיך איבער מיט ביידע קליינע מיט באַ־האַלטענע בליקען. עס האָט איהם פארקוועטשט ביים הארצען. ער איז אריינגעלאָפען אין זיין צימער... דער אָרט, וואו דער קלאוויר איז געשטאַנען, איז געווען פוסט. ער האָט ארויס־געלאָזען א יאָמער־געשריי. פון צווייטען צימער האָט ער דערהערט דעם פארשטיקטען געלעכטער פון ביידע ברידער: זיין גאַנצע בלוט האָט איהם א שלאָג געטאָן אין פּנים אריין. ער האָט זיך א וואָרף געטאָן אויף זיי און געשריען:

— „מיין קלאוויר!"

מעלכיאר האָט רוהיג אויפגעהויבען דעם קאָפּ מיט אזא פארוואונדערטער מינע, אז די קינדער האָבען אויסגעפּלאצט

מיט א געלעכטער. ער אליין האָט זיך ניט געקאָנט איינהאל־טען, קוקענדיג אויף קריסטאָף'ס יאמערליכען פנים. ער האָט זיך אפּגעקעהרט אָן זייט, און האָט אויך אויסגעפּלאצט מיט אַ געלעכטער. קריסטאָף איז איינגאנצען ארוים פון די כלים. ווי א ווילדער האָט ער זיך א וואָרף געטאָן אויף זיין פאָטער. מעלכיאר, זיך וויגענדיג אין פוטעל, האָט ניט געהאט קיין צייט זיך צו פארטיידיגען. דער אינגעל האָט איהם א כאַפּ געטאָן ביים האלז און געשריען:

— „גנב"!

דאָס איז געקומען ווי א בליץ. באלד האָט אבער מעל־כיאר זיך אזא טרייסעל געטאָן, אז קריסטאָף, וואָס האָט זיך פעסט איינגעטשעפּעט אין איהם, האָט מיט'ן קאָפּ זיך א זעץ געטאָן אָן פּייער־אייזען. אבער ער האָט זיך באלד ווידער אויפגעשטעלט אויף די קניע; זיין שטערן איז געווען אויפ־געשוואָלען, און מיט א פארשטיקטען קול האָט ער געשריען פון דאָס ניי:

„גנב!... גנב, וואָס בא'גנב'עט אונז, די מאמען און מיר!... גנב, וואָס פארקויפט דעם זיידען פאר געלט!"

מעלכיאר האָט זיך אוועקגעשטעלט אויף די פיס און האָט אויפגעהויבען דעם פויסט איבער קריסטאָף'ס קאָפּ. דאָס קינד האָט זיך געשטעלט געגען איהם מיט אויגען פול פון האַס, און האָט געציטערט פון צאָרן. מעלכיאר האָט אויך אָנ־געהויבען צו ציטערן. ער האָט זיך אוועקגעזעצט און בא־האלטען דעם פנים אין זיינע הענט: דיביידע קליינע זיינען אנטלאָפען יאָמערנדיג. נאָכ'ן גערודער איז געקומען א שטיל־קייט. מעלכיאר האָט גענומען ארויסלאָזען ניט פארשטענד־ליכע ווערטער. קריסטאָף איז נאָך אלץ געשטאנען צוגעדריקט

צום וואַנט, און ניט אויפגעהערט צו קוקען אויפ׳ן פאַטער, קריצענדיג מיט די ציין און ציטערנדיג מיט׳ן גאַנצען לייב. מעלכיאר האָט אנגעהויבען זיך אליין צו באַשולדיגען:

„יאָ, איך בין אַ גנב! איך זעה ווי מיין פאַמיליע, מיינע קינדער פאַראַכטען מיך. איך וואָלט בעסער געוואָלט זיין טויט!“

ווען ער האָט געענדיגט זיין יללה, האָט קריסטאָף איהם אַ פרעג געטאָן מיט אַ האַרטען קול, זיך ניט ריהרענדיג פון אָרט:

— „וואו איז דער קלאַוויר?“

— „ביי וואָרמסער“ — האָט מעלכיאר געזאָגט. ער האָט אבער ניט געוואַגט צו קוקען אויפ׳ן זוהן.

קריסטאָף האָט געמאַכט אַ טריט צו איהם און געזאָגט:

— „דאָס געלט!“

מעלכיאר, אינגאַנצען אַ צובראָכענער, האָט דאָס געלט אַרויסגענומען פון קעשענע און עס איבערגעבען זיין זוהן. קריסטאָף האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום טיר.

— „קריסטאָף!“ — האָט איהם מעלכיאר אַ רוף געטאָן.

קריסטאָף האָט זיך אָפּגעשטעלט. מעלכיאר האָט ווידער אָנגעהויבען מיט אַ ציטערנדיגער שטים:

— „מיין קליינער קריסטאָף!... פאַראַכט מיך ניט!“

קריסטאָף האָט זיך אַ וואָרף געטאָן איהם אויפ׳ן האַלז און געכליפּעט:

— „פּאַפּאַ, מיין ליעבער פּאַפּאַ! איך פאַראַכט דיך ניט. איך בין אַזוי אונגליקליך!“

ביידע האָבען זיך פאַרנאַנדערגעוויינט אויפ׳ן קול, און מעלכיאר האָט געיאָמערט:

— „עס איז ניט מיין שולד. איך בין דאָך ניט שלעכט! ניט אמת, קריסטאָף? דו וועסט זעהן, קריסטאָף, איך בין דאָך ניט שלעכט!"

ער האָט פארשפּראָכען מעהר ניט צו טרינקען. קריסטאָף האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אלס צייכען פון צווייפעל, און מעלכיאָר האָט צוגעגעבען, אז ער קען זיך ניט צוריקהאלטען, ווי נאָר ער האָט געלט אין האנט. קריסטאָף האָט נאָכגעטראכט און געזאָגט:

„ווייסטו, פּאפּא, מען וואלט געדארפט..."

ער איז געבליבען שטעהן.

— „וואָס אזוינס?"

„איך שעהם זיך..."

— „פאר וועמען?" — האָט מעלכיאָר א פרעג געטאָן נאַיוו.

„פאר דיר!..."

מעלכיאָר האָט אויסגעשטעלט א פּאָר אויגען און געזאָגט:

— „עס מאכט ניט אויס".

קריסטאָף האָט ערקלעהרט, אז דאָס גאנצע געלט פון דער פאמיליע, אפילו מעלכיאָר'ס געהאלט, מוז מען אָנטרויען אן אנדערן, וואָס זאָל איהם געבען יעדען טאָג אָדער יעדע וואָך אלץ וואָס ער מוז האָבען פאר די נויטיגסטע זאכען. מעלכיאָר, וואָס האָט זיך געפונען אין א געדריקטען צושטאנד — ער איז געוועזן ניט אין גאנצען ניכטער — איז געגאנגען נאָך ווייטער ווי דער פאָרשלאָג, און האָט זיך אָנגעבאָטען אָנצושרייבען באלד א בריעף צום פירשט, אז זיין געהאלט זאָל אויסגעצאָהלט ווערען כסדר אויף זיין נאָמען צו קריסטאָף'ן. קריסטאָף האָט זיך ענטזאָגט, רויט ווערענדיג פון

דעם פאַטערס ערנידערונג. מעלכיאָר, וואָס האָט געברענט מיט
א פארלאנג צו ברייניגען קרבנות, האָט דורכאויס באשטאנען
צו שרייבען אזא בריעף. ער איז אליין געווען געריהרט פון
די גרויסקייט פון זיין טאַט. קריסטאָף האָט זיך ענטזאגט
דעם בריעף צו נעמען; און לואיזע, וואָס איז אקאָרשט גע־
קומען אהיים, און זיך באקאנט מיט דער גאנצער זאך, האָט
ערקלעהרט, אז זי וועט בעסער געהן בעטלען, איידער אנצור־
טאָן אזא חרפה צו איהר מאן. זי האָט נאָך צוגעגעבען, אז זי
האָט צו איהם צוטרויען, און אז זי איז נאָך אלץ זיכער, דאָס
אוים ליעבע צו זיי און צו זיך וועט ער זיך בעסערן. עס
האָט זיך געענדיגט מיט אן אלגעמיינער ריהרענדער סצענע;
און מעלכיאָר'ס בריעף, וואָס איז געבליבען ליגען אויפ'ן טיש,
איז אראָפּגעפאלען אונטער'ן שאַף, וואו ער איז געבליבען
באהאלטען.

אין עטליכע טעג ארום האָט איהם אבער לואיזע ביים
אויפראַמען געפונען; און אזוי ווי זי איז געווען זעהר אונ־
גליקליך פון נייע שטות'ערייען פון מעלכיאָר'ן, וועלכער האָט
שוין לאנג אלץ פארגעסען, האָט זי דעם בריעף אוועקגע־
לעגט אָן א זייט, אנשטאָט איהם צוצורייסען. זי האָט עס גע־
האלטען עטליכע חדשים, שטענדיג אָפּשטויסענדיג פון זיך
דעם געדאנק עס צו באנוצען, ניט קוקענדיג אויף די אלע
צרות, וואָס זי האָט געהאט אויסצושטעהן. אבער איינמאָל,
ווען זי האָט ווידער געזעהן, ווי מעלכיאָר שלאָגט קריסטאָף'ן
און נעמט ביי איהם אוועק דאָס געלט, האָט זי שוין מעהר ניט
געקאָנט אויסהאלטען; און ווען זי איז געבליבען אליין מיט'ן
וויינענדיגען קינד, האָט זי גענומען דעם בריעף, עס דער־
לאנגט קריסטאָף'ן און געזאגט:

— „געה!“

קריסטאָף האָט זיך נאָך געקווינקעלט ;אבער ער האָט פארשטאַנען, אז עס איז ניטאָ קיין אנדער מיטעל, אויב מען וויל נאָר ראַטעווען פון חורבן די שיריים, וואָס זיינען נאָך געבליבען. ער איז אַוועק אין שלאָס. עס האָט איהם גענומען כמעט אַ שעה דורכצוגעהן דעם מהלך פון צוואנציג מינוט גאנג. די שאנד פאר דאָס, וואָס ער געהט טאָן האָט איהם איינגאנצען צובראָכען, זיין שטאָלץ, וואָס איז נאָך געוואַקסען אין די לעצטע טרויעריגע און איינזאמע יאָהרען, האָט געבלוטיגט פון דעם געדאנק ארויסצושטעלען אפען פאר דער וועלט זיין פאטערס שמאך. אַ משונה'דיגע ניט אויסגעהאַלטענקייט איז עס געווען. ער האָט, דאכט זיך, געוואוסט, אז די שמאך איז אַלעמען באקאנט, פונדעסטוועגען האָט ער געזוכט זיך אָפּצונארען, אזוי ווי ער וואָלט גאָר ניט געמערקט; ער וואָלט זיך בעסער געלאָזט צושניידען אויף שטיקער, אַנשטאָט עס צוצוגעבען, און איצט געהט ער גאָר מיט'ן פרייען ווילען !...

צוואנציג מאָל האָט ער געהאַלטען דערביי זיך אומצוקעהרען צוריק; צוויי דריי מאָל איז ער דורכגעגאנגען די גאַנצע שטאָדט, זיך אומקעהרענדיג יעדעס מאָל צוריק. אבער עס האָט זיך דאָך ניט געהאנדעלט וועגען איהם. עס האָט זיך דאָך געהאנדעלט וועגען זיין מוטער און זיינע ברידער. היות ווי דער פאטער האָט זיי פארלאָזען, היות ווי ער האָט זיי פאראַטען, דערפאר איז געלעגען די פליכט אויפ.ן עלטעסטען זוהן צו פארנעמען זיין פלאַץ און זיי צו קומען צו הילף. ניטאָ וואָס צו קווינקלען זיך און זיך גרויס צו האַלטען: ער מוז אויסטרינקען די גאנצע שאנד. ער איז אריין אין פאַלאַץ. אויפ'ן טרעפ האָט ער נאָך געפיהלט ווי צו אנטלויפען. ער האָט זיך אראָפּגעלאָזען אויף אַ טרעפּל. עטליכע מינוט

האָט ער אזוי פאַרבראַכט, די האַנט האַלטענדיג אויפ'ן טיר־קנאָפּ, ביז איינער איז אָנגעקומען און איהם אויף אַזאַ אופן געצוואונגען אַריינצוגעהן.

אין די קאַנצעלאַריעס האָט יעדער איינער איהם געקענט. ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל ריידען מיט זיין עקסעלענץ דעם דירעקטאָר פון טעאַטער, באַראָן פאָן האַמער־לאַנגבאַך. א בעאַמטער, יונג, פלינק, פליכעוואַטע, מיט א רויטען פּנים, אין א ווייסע וועסט און א רויטען האַלזטוך, האָט איהם א פריינדליכען שלום־עליכם אָפּגעגעבען, און האָט אָנגעהויבען צו ריידען וועגען דער אָפּערא, וואָס איז נעכטען געשפּיעלט געוואָרען. קריסטאָף האָט איבערגע'חזר'ט זיין בקשה. דער בעאַמטער האָט געענטפערט, אַז זיין עקסעלענץ איז איצט גראַדע פאַרנומען, נאָר אויב קריסטאָף האָט איהם צו דערלאַנגען א פּראָשעניע, וועט ער עס איבערגעבען, צוזאַמען מיט אַנדערע פּאַפּירען, וואָס ער דאַרף איצט טאַקי שיקען אונטערצושרייבען. קריסטאָף האָט איהם דערלאַנגט דעם בריעף. דער בעאַמטער האָט א וואַרף געטאָן א בליק אויפ'ן בריעף, און האָט אַרויסגעלאָזען א געשריי פון איבער־ראַשונג:

„אין אמת'ן" — האָט ער פרעהליך אויסגערופען, — „דאָס איז א גוטער געדאַנק. דאָס האָט ער שוין לאַנג געדאַרפט טאָן! זיין גאַנצען לעבען האָט ער קיין קליגערע זאַך ניט געטאָן, דער אַלטער שכור! ווי אזוי, צום שוואַרץ יאָהר, האָט ער זיך אויף דעם באַשלאָסען?"

ער איז פּלוצלונג געבליבען שטעהן. קריסטאָף האָט אַרויסגעריסען דאָס פּאַפּיער פון זיינע הענט און געשריען, בלייך פון כעס:

— „איך וועל ניט דערלאָזען !... איך וועל אייך ניט לאָזען מיך באַליידיגען" !

דער קליינער בעאַמטער איז געווען שטאַרק פאַרוואונדערט:

„אָבער, מיין ליעבער קריסטאָף" — האָט ער געפּרובירט זיך צו פאַרענטפערן — „ווער טראַכט גאָר וועגען באַליידיגונגען ? איך האָב גאָר אַרויסגעזאָגט, וואָס די גאַנצע וועלט טראַכט. דו אַליין טראַכסט עס אויך !"

— „ניין !" — האָט קריסטאָף געשריען אַ צוקאַכטער.

„וואָס ? דו טראַכסט ניט, אַז ער טרינקט" ?

— „עס איז ניט אמת !" — האָט קריסטאָף געזאָגט.

ער האָט געטופּעט מיט די פיס.

דער בעאַמטער האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

„פאַרוואָס זשע האָט ער, אויב עס איז אַזוי, געשריבען דעם בריעף ?"

„ווייל... — האָט קריסטאָף געזאָגט — (ער האָט ניט געוואוסט, וואָס ווייטער צו זאָגען), ווייל — אַזוי ווי איך נעהם דאָך יעדען חודש סאַי ווי סאַי אָפּ מיין געהאַלט, איז עס באַקוועמער, אויב איך וועל צו דערזעלבער צייט מיטנעהמען אויך דעם פאַטערס... עס איז איבעריג, אַז מיר ביידע זאָלען זיך מטריח זיין... מיין פאַטער איז זעהר פאַרנומען".

ער איז אַליין רויט געוואָרען פון דער ווילדקייט פון זיין ערקלעהרונג. דער בעאַמטער האָט אַ קוק געטאָן אויף איהם מיט אַ געמיש פון איראָניע און מיטלייד. קריסטאָף, צוזאַמענדרייענדיג דאָס פּאַפּיר אין זיין האַנט, האָט געמאַכט אַ מינע ווי אַוועקצוגעהן. דער אַנדערער האָט זיך אויפגעהויבען און איהם געכאַפּט ביים האַנט.

„וואַרט נאָר אַ מינוט" — האָט ער געזאָגט — „איך וועל טאָן וואָס מען דאַרף".

ער איז אַוועק אין קאַבינעט פון דירעקטאָר. קריסטאָף איז געבליבן וואַרטן אונטער די בליקן פון אַנדערע אָנגעשטעלטע. זיין בלוט האָט געקאָכט. ער האָט מער ניט געוואוסט, וואָס ער האָט געטאָן, וואָס ער וועט טאָן, וואָס ער דאַרף טאָן. ער האָט געטראַכט, אַז מען דאַרף מאַכן פּליטה, איידער מען וועט איהם ברענגען אַ תשובה; און ער האָט טאַקי שוין געהאַלטן דערביי, ווען די טיר האָט זיך ווידער געעפענט:

„זיין עקסעלענץ וויל דיך טאַקי זעהן" — האָט איהם דער צו איבערגעבענער בעאַמטער געזאָגט.

קריסטאָף האָט געמוזט אַריינגעהן.

זיין עקסעלענץ, באַראָן פאָן האַמער-לאַנגבאַך, אַ קליינער אַלטיטשקער, מיט באַקן-בערד און וואַנצעס, און אַ געגאָלטער מאָרדע, האָט אַ קוק געטאָן אויף קריסטאָף'ן איבער זיינע גאָלדענע ברילן, זיך ניט אָפּרייסענדיג פון זיין שרייבען, און ניט ענטפערענדיג אפילו מיט אַ שאָקעל פון קאָפּ אויף קריסטאָף'ס צומישטע באַגריסונג.

— „אַלזאָ" — האָט ער אַ פרעג געטאָן אין אַ מינוט אַרום — „וואָס פאַרלאַנגט איהר, הער קראַפט?"

„עקסעלענץ" — האָט קריסטאָף גיך אַרויסגערעדט — „זייט מיר מוחל, איך האָב זיך אַנדערש איבערלעגט. איך פאַרלאַנג מעהר גאָר נישט!"

דער אַלטיטשקער האָט ניט געפאָדערט קיין ערקלערונג וועגען דער פּלוצליכער חרטה. ער האָט אַביסעל שאַרפער זיך צוגעקוקט צו קריסטאָף'ן, האָט זיך אויסגעהוסט און געזאָגט:

„ווערט איהר זיין אזוי גוט און מיר געבען דעם בריעף, וואס איהר האלט דאָ אין האנט, הער קראפט ?"

קריסטאָף האָט באמערקט, אז דעם דירעקטארס בליק רוהט אויף דאָס פאפיר, וואָס ער האָט מעכאניש צוזאמענגע־דרעהט ביי זיך אין פויסט.

— „עס איז איבעריג, אייער עקסעלענץ" — האָט ער געשטאמעלט — „עס לוינט זיך ניט מעהר".

„זייט אזוי גוט און גיט עס מיר אהער" — האָט דער אלטער איבערגע'חזר'ט רוהיג, ווי ער וואָלט גאר ניט גע־הערט.

קריסטאָף האָט מעכאניש איהם דערלאנגט דעם צוזאַ־מענגעדרעהטען בריעף. ער האָט זיך דערביי אריינגעלאָזען אין א ים פון ניט קלאָהרע ווערטער, און האָט אויסגעצויגען די האנט, כדי צוריק צו באקומען דעם בריעף. זיין עקסעלענץ האָט זארגפעלטיג פארנאנדערגעלעגט דאָס פאפיר, האָט עס דורכגעלייענט, א קוק געטאָן אויף קריסטאָף'ן, איהם א ווייל̇ע נאָך געלאָזען אנגעהן מיט זיינע רייד, און דאן איהם איבער־געשלאָגען, און געזאָגט, וואָרפענדיג דערביי א כיטרען בליק פון די אויגען:

„שוין רעכט, הער קראפט. די בקשה איז ערפילט!"

ער האָט א מאך געטאָן מיט'ן האנט, און זיך גענומען ווידער פאר זיין שרייבען.

קריסטאָף איז ארויס א צומישטער.

— „נעמט ניט פאר אומגוט, קריסטאָף!" — האָט דער בעאמטער פריינדליך געזאָגט, ווען דאָס קינד איז דורכגע־גאנגען דורך די קאנצעלאריע. קריסטאָף האָט געלאָזען שאָק־לען זיין האנט, ניט וואגענדיג אויפצוהויבען די אויגען.

ער האָט זיך ווידער געפונען פאַר דעם שלאָס. ער איז געווען ווי דורכגעפראָרען פון שאנד. אַלץ וואָס מען האָט איהם געזאָגט, איז איהם ווידער געקומען אויפ'ן זינען; און איהם האָט זיך געדאכט, אַז ער פיהלט די באַליידיגענדע איראָניע און רחמנות פון די לייט, וואָס אכטען איהם און באַליידיגען איהם. ער האָט זיך אומגעקעהרט צוריק אהיים; און האָט אויף לואיזעם פראגען קוים געענטפערט מיט געצעהלטע, בייזע ווערטער, אזוי ווי ער וואָלט אויף איהר געוואָלט אויסלאָזען דעם כעס פאַר דאָס, וואָס ער האָט געטאָן. דער געוויסען האָט איהם געפּלאָגט, ווען ער האָט געטראַכט וועגען פאַטער. ער האָט געוואָלט זיך פאַר איהם מתודה זיין און בעטען מחילה. אבער מעלכיאר איז ניט געווען אין דער היים. קריס־טאָף האָט געוואַרט אויף איהם א גאנצע נאכט, ניט צומאַ־כענדיג אַן אויג. וואָס מעהר ער האָט געטראַכט וועגען איהם, אַלץ גרעסער איז געוואָרען זיין חרטה; ער האָט דעם פאָטער אידעאַליזירט; ער האָט זיך איהם פארגעשטעלט פאַר שוואַך, גוט, אונגליקליך, און פאַראַטען פון זיינע אייגענע. ווען ער האָט דערהערט זיינע טריט אויף די טרעפּ, איז ער ארויס־געשפּרונגען פון בעט כדי איהם אנטקעגען צו לויפען און זיך ווארפען אין זיינע אָרימס. מעלכיאר איז אבער געקומען אין אזא עקעלהאפטען, שכור'ען צושטאַנד, אַז קריסטאָף האָט אפילו ניט געהאַט דעם מוט צו איהם צוצוגעהן, און ער האָט זיך ווידער אוועקגעלעגט, ביטער לאַכענדיג פון זיינע אייגע־נע אילוזיעס.

ווען מעלכיאר האָט אין עטליכע טעג ארום זיך דער־וואוסט, וואָס עס איז געשעהן, איז ער געוואָרען שרעקליך אויפגעקאָכט. און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס קריסטאָף האָט זיך געבעטען ביי איהם עס ניט צו טאָן, איז ער פאָרט

אוועק אין שלאָס מאכען דאָרט א סצענע. אבער ער איז גע־קומען צוריק מיט אן אראָפּגעלאָזענער נאָז, און ניט א וואָרט געזאָגט וועגען דעם, וואָס דאָרט איז געשעהן. מען האָט איהם דאָרט געגעבען זעהר א קאַלטען קבלת־פּנים. מען האָט איהם קודם כל געזאָגט, אז ער זאָל נעמען א גאַנץ אנדער טאָן — אז מען צאָהלט איהם די פּענסיע נאָר צוליעב די פארדיענס־טען פון זיין זוהן, און אז אויב ער וועט ווייטער מאכען נאָך עפּעס א סקאנדאַל, וועט מען עס אין גאַנצען אוועקנעהמען ביי איהם. קריסטאָף איז אויך געווען גאָר נשתומם און דער־לייכטערט, זעהענדיג ווי דער פאטער נעהמט אָן די לאגע לייכטער פון טאָג צו טאָג; און הערענדיג, ווי ער באַריהמט זיך זאגאר, וואס ער אליין האָט דער ערשטען זיך ארויסגע־רופען צו ברייננען דעם קרבן.

דאָס האָט אבער מעלכיאָר'ן בשום אופן ניט אָפּגע־האַלטען זיך צו באַקלאָגען פאר דער וועלט, אז ער ווערט באַראַבעוועט פון זיין פרוי און קינדער; אז ער האָט א גאַנ־צען לעבען אוועקגעגעבען פאר זיי, און אז איצט לאָזט מען איהם זיין אזא נצרח אין אלץ. ער האָט אויך געזוכט ארויס־צוקריגען געלט פון קריסטאָף'ן מיט אלערליי קונצען און חניפות. דאָס פלעגט אָפט מאכען קריסטאָף'ן צום לאַכען, כאָטש עס איז גאָר קיין געלעכטער ניט געווען. אבער אזוי ווי קריסטאָף האָט זיך געהאַלטען פעסט, האָט מעלכיאָר עס אָפּגעלאָזען. ער האָט זיך געפיהלט שטאַרק איינגעשראָקען פון דעם שטרענגען בליק פון אָט דעם פערצעהניאָהריגען אינגעל, וועלכער איז געווען זיין שופט. ער האָט זיך נוקם געווען שטילערהייט דורך זעהר א שלעכטען שפּיצעל: ער פלעגט אוועק אין שענק, זיך אָנטרינקען און אָנפרעסען ווי פיעל אין האַלז איז געקראָכען, און פלעגט גאָר ניט צאָהלען,

טענה׳ענדיג, אז זיין זוהן דארף באצאָהלען זיינע חובות. קריסטאָף האָט ניט פּראָטעסטירט, ניט וועלענדיג מאכען נאָך גרעסער דעם סקאנדאל; ער און לואיזע פלעגען פון דאָס לעצטע זיך אָפּזאָגען, אבי נאָר צו באצאָהלען מעלכיאר׳ס חובות. — ועל כולם האָט מעלכיאר, זינט ער האָט אויפגע־הערט צו באקומען געהאלט, אלץ מעהר און מעהר פאַרלאָרען דעם אינטערעס צו זיין פּראָפעסיע אלס פידעלשפּיעלער; ער האָט אָנגעהויבען אזוי אָפט צו פעהלען אין טעאטער, אז ניט קוקענדיג אויף קריסטאָף׳ס אלע בקשות, האָט מען איהם סוף כל סוף געוויזען די טיר. און דאָס קינד אליין האָט גע־מוזט אויסהאלטען דעם פאטער, די ברידער און די גאנצע הויז.

אָט אזוי איז קריסטאָף געוואָרען דער ראש פון א פאַ־מיליע צו פערצעהן יאָהר.

ער האָט איבערגענומען די דריקענדע אויפגאבע פעסט ענטשלאָסען. זיין שטאָלץ האָט איהם ניט דערלאָזען צו זוכען הילף ביי אנדערע. ער האָט זיך פארשוואָרען אליין גובר צו זיין אלץ. ער האָט צופיעל געליטען פון קינדווייז אָן, צוזעהענדיג ווי זיין מוטער נעהמט אָן ערנידעריגענדע נדבות. עס איז שוין ניט איינמאָל געקומען צו סכסוכים צווישען זיי, ווען די גוטע פרוי פלעגט קומען אהיים, אנווייזענדיג מיט צופרידענהייט אויף עפּעס א מתנה, וואָס זי האָט באקומען פון איינע פון איהרע שטיצערינס. זי פלעגט אין דעם קיין בייז ניט זעהן, און פלעגט זיך פרעהען, וואָס זי וועט קענען פון דעם געלט מאכען פאר איהר קריסטאָף'ן נאָך עפּעס א געריכט צום מאָגערן אָווענט־עסען. קריסטאָף אבער פלעגט ווערן בייז און זיך ענטזאגען, זאָגאר זיך צוצוריהרען צו די מאכלים, וואָס זי פלעגט אויף אזא אופן באקומען. לואיזען האָט עס געקריינקט; זי פלעגט צושטעהן צו איהר זוהן, ער זאָל כאָטש פארזוכען; אבער ער פלעגט זיך ענטזאגען; זי פלעגט פארלירען די געדולד און איהם אריינזאָגען אונאנגענעהמע זאכען, אויף וועלכע ער פלעגט ניט בלייבען שולדיג קיין ענטפער; ענדיגען פלעגט זיך דערמיט, וואָס ער פלעגט א ווארף טאָן זיין סערוועטקע און אוועק פון טיש. דער פאטער פלעגט קוועטשען מיט די פלייצעס און איהם רופען קאָמעדיאנט. זיינע ברידער פלעגען חוזק מאכען פון איהם און אויפעסען זיין חלק.

מען האָט אבער געמוזט קריגען די מיטלען צום לעבען.

זיין געהאלט אין אָרקעסטער איז ניט געווען גענוג. ער האָט געגעבען שטונדען. זיין טאַלאנט פון א ווירטואז, זיין גוטער נאָמען, און, ועל כולם, די פּראטעקציע פון פירשט האָבען איהם פארשאפען פיעל שילערינס אין דער בעסטער געזעל־שאַפט. יעדען פריהמאָרגען, פון ניין אזייגער אָן, האָט ער געגעבען קלאוויר־שטונדען צו יונגע מיידלעך, פון וועלכע איי־ניגע זיינען געווען עלטער פון איהם אליין; פאר זייער קאָ־קעטסווא האָט ער זיך שטארק געשעמט, און זייער צרה'דיגער שפּילען פלעגט איהם ארויסברייינגען פון די כלים. אין מוזיק זיינען זיי געווען גאָר אין גאנצען טעמפּ; דערפאר אבער האָבען זיי אלע פארמאָגט א מעהר וויניגער פיינעם געפיהל פאר דאָס לעכערליכע; און פון זייער אָפּלאכענדיגען בליק פלעגט ניט פארביי קיינע פון קריסטאָף'ס אונגעשיקטקיי־טען. דאָס איז געווען פאר איהם אן אמת'ע מאַטערניש. זי־צענדיג לעבען זיי ביים ברעג שטול, שטייף, רויט פון צאָרן, ניט וואגענדיג זיך א ריהר צו טהאָן; זיך איינהאלטענדיג, כדי ניט ארויסצוריידען עפּיס א נארישקייט; און מורא האָ־בענדיג זאָגאר פאר דעם קלאנג פון זיין אייגענער שטים; פלעגט ער זיך מאטערן ארויפצוציהען א שטרענגע מינע; אָבער פיהלענדיג, ווי מען קוקט אויף איהם פון דער זייט, פלעגט ער פארלירען די האלטונג, זיך פארהוסטען אין מי־טען פון א באמערקונג, מורא האָבען צו ווערען לעכערליך, און פלעגט סוף כל סוף ווערען לעכערליך און ארויספּלאצען מיט באליידיגענדע באמערקונגען. אבער זיינע שילערינס האָבען גאנץ לייכט געקאָנט זיך נוקם זיין אָן איהם. און זיי פלעגען ניט פארפעהלען א האָר איהם צו שטעלען אין פארלעגענהייט: דורך איינפאכע פראגען, וואָס פלעגען איהם מאכען רויט צו ווערען ביז די שפּיץ האָר; אָדער זיי פלעגען איהם בעטען

עפּים אַ קליינע געפעליגקייט — ווי צום ביישפּיעל דערלאַנגען אַ זאַך, וואָס זיי האָבען פאַרגעסען אויף די מעבעל — און דאָס איז געווען פאַר איהם דער שווערסטער עקזאַמען, ווייל ער פלעגט מוזען דורכגעהן דעם צימער אונטער דעם פייער פון בייזע בליקען, וואָס האָבען נאָכגעשפּירט די קלענסטע אונבאהאָלפענקייט פון זיינע באַוועגונגען: זיינע לאַנגע פיס, זיינע שטייפע אָרימס, זיין גאַנצען גוף, וואָס איז געווען צונויפגעקרעמפּט פון שרעקעדיגקייט.

פון זיינע שטונדען האָט ער געמוזט לויפען צו דער רעפּעטיציע אין טעאַטער. אָפט האָט ער קיין צייט ניט געהאַט אָנצובייסען; ער פלעגט מיטנעהמען אין קעשענע אַ שטיק ברויט און וואורשט און פלעגט עס עסען אין די אַנטראַקטען. אָפטמאָל פלעגט ער פאַרנעהמען דעם פּלאַץ פון טאָביאַס פּייפער, דעם מוזיק דירעקטאָר, וועלכער האָט זיך אינטערעסירט מיט איהם, און איהם געלאָזען פון צייט צו צייט דיריזשירען דעם אָרקעסטער ביי די רעפּעטיציעס, כדי זיך איינצוּאיבען. ער האָט אויך געמוזט ווייטער אָנגעהן מיט זיין אייגענער מוזיקאַלישער בילדונג. און ווידער פלעגען קלאַווירשטונדען אויספילען די צייט ביז דער אָוועגט־פאָרשטעלונג, און גאַנץ אָפט פלעגט מען איהם נאָך וועלען הערען אין פּאַלאַץ נאָך דער פאָרשטעלונג. דאָרט פלעגט ער מוזען שפּיעלען אַ שעה אָדער צוויי. די פּרינצעסין האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ גאַנצע קענערקע אין מוזיק: זי האָט עס טאַקי שטאַרק האָלט געהאַט, ניט קענענדיג קיינמאָל אונטערשיידען צווישען גוטע און שלעכטע מוזיק. זי האָט צוזאַמענגעשטעלט פאַר קריסטאָף'ן די משונה'דיגסטע פּראָגראַמען, אין וועלכע נאַרישע ראַפּסאָדיעס פלעגען זיך געפינען אין שכנות מיט אמת'ע קונסטווערק. איהר גרעסטער פאַרגניגען איז אבער

געווען איהם צו לאָזען שפּילען פון קאָפּ אייגענע זאכען. און זי פלעגט איהם ארויסגעבען טעמאָס פון הארצברעכענדער סענטימענטאַליטעט.

קריסטאָף פלעגט פון דאָרט אוועק ארום האַלבע נאכט, א פארמאַטערטער, מיט ברענענדיגע הענט, מיט א פיבע־רישען קאָפּ און א ליידיגען מאָגען; ער פלעגט זיין דורכגע־ווייקט אין שוויים; און אויף דרויסען פלעגט אָפט פאַלען א שניי אָדער אן אייזיגער טומאַן. ער האָט געמוזט דורכגעהן מעהר ווי א האַלבע שטאָדט כדי צו קומען אהיים; ער פלעגט געהן צו פוס; די ציינער פלעגען איהם קלאַפּען, און איהם פלעגט זיך אזוי וועלען וויינען אָדער שלאָפען; און דערביי פלעגט ער מוזען גוט אכטונג געבען, אז זיין איינציגער פאַ־ראַדנער אַנצוג זאָל זיך ניט איינפאַטשקענען אין בלאָטע.

אין דער היים פלעגט ער גלייך זיך ארייגכאַפּען ביי זיך אין צימער, וועלכען ער האָט נאָך אַלץ געטיילט מיט זיינע ברידער; און קיינמאָל איז דאָס לעבען איהם ניט געווען אזוי איבערדרריסיג און די פארצווייפלונג איז ניט געווען אזוי גרויס; קיינמאָל האָט ער ניט געהאַט אזוי שטאַרק דעם גע־פיהל פון איינזאַמקייט, ווי אין דער מינוט, ווען עס פלעגט איהם זיך איינגעבען אין דער שטיקענדער לופט פון אָט דעם בוידעם, ענדליך אראָפּצואוואַרפען פון זיך דעם שווערען יאָך פון עלענד. צום גליק אבער, ווי נאָר ער פלעגט אוועקלייגען דעם קאָפּ אויפ׳ן קישען, פלעגט אויף איהם ארויפפאַלען א שווערער שלאָף, וואָס פלעגט אוועקנעהמען ביי איהם דאָס באוואוסטזיין פון זיינע צרות.

אבער באַגינען אין זומער, און פארטאָג נאָך אין וויג־טער, פלעגט ער שוין ווידער אויפשטעהן. ער האָט געוואָלט ארבייטען פאר זיך אַליין; זיינע איינציגע פרייע מינוטען

זיינען געווען צווישען פינף און אכט א זייגער אין דער פריה. דערפון האָט ער נאָך געמוזט פארלירען א טייל פאר באַר שטעלטע ארבייטען: ווארום זיין טיטול פון הויפמוזיקאנט און דער חן וואָס ער האָט געהאט ביים פירשט האָבען אויף איהם ארויפגעלייגט דעם חוב צו פארפאסען אפיציעלע קאָמ־פאָזיציעס פאר די הויף־פאַראַדען.

אָט אזוי איז זיין לעבען געווען פארגיפטעט ביז׳ן מקור אריין. זאָגאר זיינע חלומות זיינען ניט געווען פריי. אבער, ווי עס געשיהט געוועהנליך, האָט דער צוואנג איהם נאָך שטאַר־קער געמאכט. אויב קיין זאך האלט ניט געבונדען די טע־טיגקייט, האָט די נשמה פיעל וויניגער אורזאך זיך צו באַ־וועגען. וואָס ענגער איינגעשלאָסען עס איז ארום קריסטאָף׳ן געוואָרען די טורמע פון זאָרג און קליינליכע אויפגאבען, אלץ מעהר האָט זיין רעוואָלוציאָנערעס הארץ געפיהלט איהר אונ־אָפּהענגיגקייט. וואָלט זיין לעבען געווען אָהן שטערונגען, דאמאָלסט וואָלט ער, בלי ספק, זיך איבערגעגעבען צום גליק־שפיעל פון א חיי שעה און צו דער פוסט־און פאסטקייט פון דער תאוה׳דיגער יוגענד. אבער ניט זייענדיג פריי מעהר ווי א שעה אָדער צוויי אין טאָג, האָט זיין גאנצע קראפט אריינגע־שטראָמט אין זיי, ווי א טייך צווישען פעלזען. עס איז א גוטע דיסציפּלין פאר די קונסט צו מוזען צוזאמענדריקען איהרע אָנשטרענגונגען צווישען גרענעצען, וואָס לאָזען זיך ניט ריהרען פון אָרט. אין דעם זינען קען מען זאָגען אז עלענד איז דער לעהרער ניט נאָר פון געדאנקען, זאָנדערן אויך פון סטיל; עס לערנט דעם גייסט און דעם קערפּער זיך צו האַל־טען ניכטער. ווען די צייט איז אויסגערעכענט און די ווערטער געצעהלט, רעדט מען ניט צופיעל, און מען באקומט די גע־וואָהנהייט צו טראכטען נאָר וועגען דאָס וואָס איז וויכטיג.

אויף אזא אופן לעבט מען דאַפּעלט דוקא ווייל מען האָט ווייניג צייט צו לעבען.

דאָס איז געווען דער פּאַל מיט קריסטאָף'ן. אונטער'ן יאָך איז איהם איינגאַנצען קלאָהר געוואָרען דער ווערט פון פרייהייט; און ער האָט ניט צוגייסעט די טייערע מינוטען אויף זאכען אָדער ווערטער, וואָס ברייגען קיין נוצען ניט. זיין נאַטירליכע תשוקה זיך פּאַראַנאַנדערצושרייבען ברייט־ליך און זיך צו לאָזען פיהרען פון די קאַפּריזען פון זיינע, כאָטש אפילו אויפריכטיגע, אבער דאָך אונבאשטימטע גע־דאַנקען, האָט באקומען איהר תקנה דורך די נויטווענדיגקייט צו דענקען און צו שרייבען אזוי פיעל ווי מעגליך, אין אזוי ווייניג צייט ווי מעגליך. קיין אַנדער זאַך האָט ניט געהאַט אזא גרויסען איינפלוס אויף זיין קינסטלערישע און מאָראַלי־שע ענטוויקלונג: ניט די שטונדען פון די לעהרער, און ניט דער ביישפּיעל פון די מייסטערווערק, — אין די יאָהרען, ווען דער כאַראַקטער בילדעט זיך אויס, איז ביי איהם גע־וואָרען א געוואָהנהייט צו קוקען אויף מוזיק ווי אויף א קלאָה־רע שפּראַך, אין וועלכער יעדער טאָן האָט זיין אייגענע באַ־דייטונג; און צו דערזעלבער צייט האָט ער זיך איינגעוואָהנט צו האַסען יענע מוזיקאַנטען, וואָס ריידען, אום גאַרנישט צו זאָגען.

דאָך די קאָמפּאָזיציעס וואָס ער האָט דאַמאָלט געשריי־בען זיינען געווען נאָך ווייט פון דעם, אויסצודריקען אין גאַנ־צען זיין נשמה, ווארום ער אליין איז נאָך געווען ווייט דער־פון צו האָבען זיך ענטדעקט אין גאַנצען: ער האָט זיך אליין געזוכט אין דער גרויסער מאַסע פון ערוואָרבענע עמפּפינ־דונגען, וועלכע די ערציהונג צווינגט ארויף אויף א קינד ווי זיין צווייטע נאַטור. ער האָט נאָר בחוש געפיהלט, וואָס זיין

נשמה איז באמת, באזונדערס ווייל ער האט נאך ניט גע־שפירט די ליידענשאפטען פון דער ערוואַכענדער יוגענד, וואס באפרייט די נשמה פון מענשען פון איהרע געבאָרגטע קליי־דער, פונקט ווי א דונער רייניגט דעם הימעל פון די וואָל־קענס, וואס וויקלען איהם ארום. ניט־קלאָרע, מעכטיגע אה־נונגען האבען זיך ביי איהם דורכגעמישט מיט פרעמדע זכרונות, פון וועלכע ער האט זיך ניט געקאָנט באפרייען. ער פלעגט זיך ערגערן פון אזוינע שקרים. ער פלעגט ווערן פאר־צווייפעלט, זעהענדיג אויף ווי פיעל דאס וואס ער האט אנגע־שריבען שטעהט ניעדעריגער, ווי דאס וואס ער האט גע־טראכט. ער האט אנגעהויבען אין זיך אליין צו צווייפלען. אבער ער האט ניט געקאָנט זיך בארוהיגען מיט אזוינע נאַ־רישע נידערלאגען; ער האט געברענט מיט דעם פארלאנג צו מאכען בעסער, צו שרייבען עפּעס וואס גרויסעס. אבער שטענדיג פלעגט ער דורכפאלען. נאך א מינוט פון פולער אי־לוזיאָן ביים שרייבען, פלעגט ער באמערקען, אז דאס וואס ער האט געשאפען טויג אויף גאר ניט; ער פלעגט צורייסען און פארברענען אלץ, וואס ער האט געשאפען. אבער כדי צו מאכען זיין שאנד פארפול, פלעגט ער מוזען לאָזען ניט גע־ריהרט, ניט קענענדיג זיי פארניכטען דוקא די מיטעלמע־סיגסטע, די ניט געראָטענסטע פון זיינע ווערק, די אָפיציעלע: דעם קאָנצערט, „דעם קעניגס אדלער“, וואס איז געשריבען געוואָרען לכבוד דעם געבורטסטאָג פון פירשט; די קאנטאטע „פעלאס׳ חתונה“, וואס איז געשריבען געוואָרען לכבוד דער חתונה פון דער פרינצעסין אדעלאאידע, זיי זיי־נען ארויסגעגעבען געוואָרען מיט גרויס פאראד אין טייערע לוקסוס־אויסגאבען, כדי צו פאראייביגען זיין נאַרישקייט פאר די קומענדע דורות. און ער האט געווייגט פון שאנד.

פיבערישע יאָהרען! קיין רוה, קיין נאָכגעבען. קיין זאַך ניט, וואָס רייסט אָפּ פון דער פאַרקאָכטער ארבייט. קיין צייטפארטרייב, קיין פריינד. ווי שטארק עס האָט איהם זיך געוואָלט אזוינס האָבען! נאָכמיטאג, אין א צייט, ווען די אנדערע קינדער האָבען זיך געלאָזט וואוילגעהן, איז דער קליינער קריסטאָף געזעסען ביי זיין אָרקעסטער־סטענדער אין שטויביגען, שלעכט־באַלויכטעטען טעאטער־זאַל, דער שטערן צורונצעלט פון אויפמערקזאמקייט; און אין אָוונט, ווען אנדערע קינדער האָבען שוין געשלאָפען, איז ער נאָך אַלץ געזעסען דאָרט אויף זיין שטול א צוזאַמענגעקאָרטשעטער פון פארמאטערטקייט.

קיין נאָהענטקייט ניט מיט זיינע אנדערע ברידער. דער איינגסטער, ערנסט איז אלט געווען צוועלף יאָהר. ער איז געווען א קליינער לאידאַק, פאַרדאָרבען און חוצפה׳דיג, וואָס פלעגט פארברייגען די טעג מיט אזעלכע חברהלייט, ווי ער אליין איז; און פון דער חברותא זיך אָנגענומען ניט נאָר מיט קלאָגעדיגע מאַניערען, נאָר אויך מיט שענדליכע געוואָהנהייטען, וועגען וועלכע דער עהרליכער, אנשטענדיגער קריסטאָף האָט קיין שום פארשטעלונג אפילו ניט געהאט, ביז ער האָט עס איינמאָל מיט עקעל באמערקט. דער צווייטער, רודאָלף, דער ליעבלינג פון פעטער טעאָדאָר, האָט געוואָלט ווערן א סוחר. ער איז געזוען א רוהיגער, געזעצטער אבער א ביט־רער; ער האָט זיך געהאלטען פיעל העכער פאר קריסטאָף׳ן און האָט ניט דערלאָזען, אז יענער זאָל האָבען א דעה אין הויז, כאָטש ער האָט געהאלטען פאר גאַנץ נאטירליך צו עסען זיין ברויט. ער האָט געפיהלט די זעלבע פארביטערונג געגען איהם, ווי טעאָדאָר און מעלכיאָר, און פלעגט פארנאַנדערטראָגען זייערע לעבערליכע רכילות וועגען איהם. קיינער פון די

ביידע ברידער האָט ניט האָלט געהאַט קיין מוזיק. און, נאָכ־
מאַכענדיג דעם פעטער, האָט אויך רודאָלף זיך באַמיהט
ארויסצואווייזען צו איהר פאַראַכטונג, זיך פיהלענדיג ניט
באַקוועם, וואָס קריסטאָף, וועלכער האָט זעהר ערנסט גענו־
מען זיין ראָלע אַלס דער הויפט פון דער פאַמיליע, גיט אויף
זיי אַכטונג און בייזערט זיך אַז, האָבען די ביידע קליינע גע־
פרובירט רעוואָלטירען; אבער קריסטאָף האָט געהאַט שטאַר־
קע הענט און דאָס באַוואוסטזיין פון זיין רעכט; און ער האָט
זיי געוויזען ווער עלטער איז. פונדעסטוועגען האָבען זיי מיט
איהם געמאַכט, וואָס זיי האָבען געוואָלט; זיי האָבען אויסגע־
נוצט זיין לייכטגלויביגקייט און איהם געלייגט פאַסטקעס,
אין וועלכע ער פלעגט שטענדיג אריינפאַלען; זיי פלעגען
פון איהם אויסנאַרען געלט, אַנזאָגען שקרים אָהן שום בושה
און חרפה און מאַכען חוזק פון איהם הינטער זיין רוקען.
דער גוטער קריסטאָף האָט שטענדיג זיך געלאָזען אָפּנאַרען.
ער האָט געהאַט אזא שטאַרקען פאַרלאַנג צו ווערען געליעבט,
אז איין צערטליך וואָרט איז געווען גענוג אוועקצונעהמען ביי
איהם דעם כעס. פאַר א קליין ביסעל ליעבע וואָלט ער זיי
אַלץ מוחל געווען. אבער זיין צוטרוי איז געווען שרעקליך
צושטערט, ווען ער האָט איין מאָל געהערט ווי זיי מאַכען
חוזק פון איהם פאַר זיין נאַרישקייט, גלייך נאָכדעם, ווי זיי
האָבען מיט איהם אָפּגעשפּיעלט א צבועצ'קע סצענע און איהם
ארומגענומען, וואָס האָט איהם געריהרט ביז צו טרעהרען;
דאָס האָבען זיי נאָר אָפּגעשפּיעלט, כדי פון איהם ארויסצו־
נאַרען דעם שעהנעם גאָלדענעם זייגער, א מתנה פון פירשט,
וועלכען זיי האָבען גע'חלש'ט ארויסצוקריגען. ער האָט זיי
פאַראַכטעט, און האָט זיך פון דעסטוועגען ווייטער געלאָזט
פיהרען פאַר'ן נאָז צוליעב זיין פאַרלאַנג צו ווערען געליעבט

און צוליעב זיין צוטרויען צו מענשען. ער האָט עס געוואוסט און פלעגט ווערן שטארק בייז אויף זיך אליין און פלעגט די ברידער שלאָגען רוק און בייז, ווען ער פלעגט אויסגעפינען, אז זיי האָבען ווידער געפיהרט ליצנות מיט איהם. אָבער דאָס האָט איהם ניט אָפּגעהאלטען באלד ווידער איינצובייסען דעם נייעם קרוטשיק, וועלכען זיי האָט זיך נאָר געוואָלט איהם אונטערוואָרפען.

נאָך א ביטערער וועהטאָג איז איהם פאָרגעשטאָנען. ער האָט זיך דערוואוסט פון שכנים — בעלי טובות, אז זיין פאָטער רעדט רשעות אויף איהם. נאָכדעם ווי ער האָט געשטאָלצירט מיט דעם ערפאָלג פון זיין זוהן און זיך אומעטום באַריהמט מיט איהם, איז אויף איהם ארויפגעפאלען די מאַוס'ע שוואכקייט איהם מקנא צו זיין. ער האָט געזוכט איהם צו מאכען צו קליינגעלט. עס איז געווען נאריש ביז צום וויינען. מען האָט נאָר געקאָנט קוועטשען מיט די פלייצעם; זאָגאר ניט ווערן איז כעס; ווארום ער האָט אליין ניט געוואוסט, וואָס ער טוט, זייענדיג פארביטערט דורך זיין מפלה. קריסטאָף האָט געשוויגען, ווארום ער האָט מורא געהאט, אז ער וועט זיך ארויסריידען צו הארבע ווערטער, אויב ער וועט ריידען, אבער זיין הארץ איז געווען מיט בלוט אָפּגעגאסען.

א טרויעריגע באַנגענייש פלעגט עס זיין ביי דער וועטשערע, ווען אלע פלעגען זיצען צוזאמען אין קרייז פון דער פאמיליע, ארום בלאָטיגען טישטוך ביים ליכט פון לאָמפּ; ארום איהם — נאָר נארישע פלוידעריי און דער גערויש פון די יאַסלעס פון אָט די נפשות, וועלכע ער האָט מבזה געווען, אויף זיי רחמנות געהאט און, ניט קוקענדיג אויף אלץ, דאָך געליעבט! נאָר צו דער בראווער מוטער האָט קריסטאָף געפיהלט א באנד פון געגענזייטיגער צערטליכקייט. אבער לואי־

זע פלעגט, ווי ער, זיך אָנמאטערן א גאנצען טאָג: אין אָווענט פלעגט זי זיין ווי אויסגעלאָשען, פלעגט ניט אויסריידען א וואָרט און איינשלאָפען נאָכ'ן עסען ביים פארצירעווען די זאָקען, זיצענדיג אין שטול. אויסערדעם איז זי געווען אזוי גוט, אז זי האָט ניט געמאכט קיין אונטערשיעד אין איהר ליעבע צווישען דעם מאן און די דריי זיהן; זי האָט זיי אלעמען גלייך האָלט געהאט. קריסטאָף האָט אין איהר ניט געפונען די פארטרויטע, אין וועלכע ער האָט זיך גענויטיגט.

אָט אזוי האָט ער זיך איינגעשלאָסען אין זיך אליין. ער איז ארומגעגאנגען א שווייגענדיגער גאנצענע טעג, אָפּטערענדיג זיין איינפאָרמיגע, שווערע טעגליכע ארבייט אין א שטורמען צאָרן. אזא זאָרט לעבען איז געווען זעהר געפעהרליך, בפרט נאָך פאר א קינד אין אזא קריטישען עלטער, ווען דער אָרגאניזם איז מעהר עמפפינדליך און איז מעהר קאפאבעל אויפצונעהמען אלע צושטערונגען וואָס קענען לייכט פארקריפּלען פאר'ן גאנצען לעבען. קריסטאָף'ס געזונט האָט שטארק געליטען פון דעם. ער האָט גע'ירש'נט פון די עלטערן א געזונטע געבוי און א קרעפטיגען קערפּער. אבער אזא שטארקע געבוי גיט נאָך מעהר שפּייז פאר ליידען, ווען צו גרויסע אָנשטרענגונג און פריהצייטיגע זאָרג רייסען דורך שפּאלטען, דורך וועלכע זיי קענען זיך אריינ'גנב'נען. שוין גאנץ פריה האָבען זיך ביי איהם באוויזען ערנסטע, נערוועזע שטערונגען. נאָך אלס גאנץ קליינער קינד פלעגט ער ביי יעדער אונאנגענעהמליכקייט פאלען אין חלשות, באקומען קאָנוואולסען און נעהמען ברעכען. צווישען זיעבעטען און אכטען יאָהר, אין דער צייט, ווען ער איז צום ערשטען מאָל אויפגעטראָטען אין קאָנצערט, האָט ער אָנגעהויבען צו שלאָפען זעהר אונרוהיג: ער האָט גערעדט, געשריען, געלאכט און

גערוויינט אין שלאָף; און אַט די קראַנקהאַפטע סמנים פלעגן זיך אומקעהרען יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט זיך שטאַרק אויפרעגען. דערצו האָט ער געליטען פון שרעקליכע קאָפּ־ווערטאָגען, וואָס פלעגען זיך אויסדריקען אמאָל אין א שטעכעניש און הינטער'ן קאָפּ און אין די זייטען פון שאַרבען; און אַנדער מאָל — ווי מען וואָלט בלייענע רייפען איהם אַנטאָן ארום קאָפּ; די אויגען האָבען איהם וועה געטאָן; צייטענווייז פלעגט איהם זיך דאכטען, ווי מען וואָלט איהם שטעכען אין די אויגענלעכער מיט נאָדלען; ער פלעגט זיין ווי פאַרבלענדעט, און ער פלעגט ניט קענען לייענען, און מינוטענלאַנג פלעגט ער מוזען אויפהערען לייענען. פון דעם ניט דערעסען און פון עסען ניט קיין געזונטע שפייז און דערצו נאָך אין ניט רעגולערע צייטען, איז זיין געזונטער מאָגען אינגאַנצען חרוב געוואָרען; ער האָט שטאַרק געליטען פון וועהטאָגען אין בויך און אָפּשוואַכענדען שלשול; אבער פון קיין זאַך האָט ער ניט אזוי פיעל געליטען ווי פון זיין האַרץ; עס האָט געקלאַפּט אין א משוגע'נער ניט רעגעלמעסיגקייט; אַט איז עס געשפּרונגען צואווילדעט, ווי עס וואָלט וועלען צופּלאַצען; און אַט האָט עס קוים זיך געריהרט און איז ווי שטעהן געבליבען. ביינאכט פלעגט די טעמפּעראַטור ביים קינד זיך ענדערן אויפ'ן שרעקליכסטען אופן; זי פלעגט זיך וואַרפען צווישען הויכער היץ און בלוטאַרימקייט. גאַר אַהן א הפסקה אין מיטען. ער האָט געברענט, געציטערט פון קעלט, געהאַט שרעק־אַנפאַלען, ער פלעגט באַקומען א קראַמפּף אין קעהל און א קיילכעל פלעגט זיך אוועקשטעלען אין האַלז, וואָס פלעגט איהם ניט לאָזען אָטעמען. — נאַטירליך איז זיין פאַנטאַזיע פון דעם געוואָרען שטאַרק איינגעשראָקען; ער האָט ניט געהאַט דעם מוט צו דערצעהלען זיין פאַמיליע מכח

דאָס אַלץ, וואָס ער האָט געפיהלט; אבער ער האָט עס שטענ־
דיג זיך צוגעהערט דערצו און דורך דעם נאָך שטאַרקער גע־
מאכט די וועהטאָגען. ער האָט זיך איינגערעדט, אז ער האָט
אַלע קראַנקהייטען פון וועלכע ער האָט געוואוסט; ער האָט
געגלויבט, אז ער מוז ווערען בלינד; און אזוי ווי ביים געהן
פלעגט איהם אמאָל אָנהויבען שווינדלען, פלעגט ער טראכ־
טען, אז ער וועט פּלוצלונג אַנידערפאַלען א טויטער — שטענ־
דיג האָט איהם באהערשט, געדריקט, אבער צו דערזעלבער
צייט אונטערגעטריבען אָט די שרעקליכע מורא אָפּגעהאַלטען
צו ווערען אויפ'ן האַלבען וועג, צו שטאַרבען פריהצייטיג.
אך! אויב מען מוז שוין שטאַרבען, טו כאָטש, וויינינגסטענס,
ניט איצט, איידער מען איז נאָך דער זיעגער...

דער זיעג... אָט די פיקסע אידעע, וואָס האָט געברענט
שטענדיג אין איהם, כאָטש ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּגע־
בען קיין חשבון פאַרוואָס, זי האָט איהם דורכגעטראָגען דורך
אַלע צרות, אָנשטרענגונגען און געשטיצט אין גאַנצען זומפּ
פון לעבען. דאָס אונקלאָהרע און מעכטיגע באוואוסטזיין פון
דאָס, וואָס ער וועט שפּעטער זיין, וואָס ער איז שוין איצט!...
וואָס איז ער? א קריינקליך, נערוועז קינד, וואָס שפּיעלט אין
אָרקעסטער און שרייבט מיטעלמעסיגע קאָנצערטען? — ניין,
פיעל מעהר, ווי אזא קינד. דאָס איז נאָר דער צודעק, דאָס
היינטיגע אויסזעהן, דאָס איז ניט זיין תמצית. עס איז ניטאָ
קיין שייכות צווישען זיין אמת'ען יש, און די איצטיגע
פאָרמען פון זיין פּנים און פון זיינע געדאַנקען. דאָס ווייס ער
גאַנץ גוט. דערזעהט ער זיך אין שפּיעגעל, דערקענט ער זיך
ניט. אָט דער ברייטער, רויטער פּנים, אָט די גרויסע ברע־
מען, די טיעפליעגענדע אויגען, אָט דער קורצער נאָז, גראָב
ביים ענד, מיט ברייטע נאָזלעכער, אָט די שווערע קיהנביי־

נער. אַט די אַנגעבלאָזענע מויל — אַט די גאַנצע העסליכע און וואַכעדיגע מאַסקע איז איהם אַליין פרעמד. פונקט אַזוי וויינינג דערקענט ער זיך אין זיינע ווערק. ער קריטיקירט זיך אַליין, ער ווייס, אַז דאָס אַלץ, וואָס ער מאַכט, וואָס ער איז איצט, האָט קיין שום ממשות ניט, און פונדעסטוועגען איז ער זיכער אין דעם, וואָס ער וועט זיין און וואָס ער וועט מאַכען. אָפטמאָל וואַרפט ער זיך אַליין פאַר אַט די זיכער־קייט זיינע, אַלס אַ שקר פון אַ בעל־גאוה: און עס איז פאַר איהם אַ פרייד זיך אַליין צו ערנידעריגען, זיך צו פייניגען און צו באַשטראָפען. אבער די זיכערקייט שלאָגט זיך דורך און קיין זאַך קען איהר ניט שעדיגען. וואָס ער זאָל ניט טאָן, וואָס ער זאָל ניט טראַכטען, קיין איינציגער פון זיינע גע־דאַנקען, קיין איינציגע פון זיינע האַנדלונגען, נעהמט איהם ניט אַריין, דריקט איהם ניט אויס. ער ווייס עס; ער האָט דעם וואונדערליכען געפיהל, אַז דאָס וואָס ער איז באמת, איז ער נאָך היינט ניט, אבער אַז ער וועט עס זיין מ אַ ר־ג ע ן... ע ר  ו ו ע ט  ז י י ן!... ער ברענט מיט דעם גלויבען, ער פאַר'שכור'ט זיך פון דעם ליכט! אַך! זאָל נאָר דער  ה י י נ ט  איהם ניט אָפּהאַלטען ביים פאַריבערגעהן! זאָל ער נאָר ניט אַריינפאַלען אין איינע פון יענע פאַסטקעס. וועלכע דער היינט העלט ניט אויף איהם אונטערצולייגען אונטער זיינע פיס!

אַט אַזוי קירעווועט ער זיין שיפעל דורך דעם שטראָם פון טעג, ניט אָפּקעהרענדיג די אויגען ניט אויף רעכטס און ניט אויף לינקס; ער שטעהט פעסט ביים רודער, זיך ניט ריהרענדיג, דער בליק אַנגעשטרענגט אויף דעם ציעל, אויף דעם האַפען, דאָס ענד, וואָס ער זעהט פאַראויס. וואו ער זאָל זיך ניט געפינען: צי אין אָרקעסטער צווישען די מור־

זיקאנטען; ביי דער פלוידעריי ביים טיש אין מיטען פון זיין פאמיליע; אין פאלאץ, בעת ער שפיעלט אהן קאפ, כדי צו אונטערהאלטען די פירשטליכע ליאלקעס; שטענדיג איז עם די אונבאוואוסטע צוקונפט, אט די צוקונפט, וואס קען דורך גאר נ שט חרוב ווערען אויף אייביג — שטענדיג איז עם די צוקונפט, אין וועלכע ער לעבט.

ער זיצט אין זיין שאַלקע איינער אַליין ביי זיין אַל־
טען קלאַוויר. דער אָפּשטאַרבענדער שיין פון טאָג גליטשט
זיך איבער דעם נאָטען־העפט. ער פאַרדאַרבט זיך די אויגען,
כדי צו לעזען ביז צום לעצטען טראָפּען ליכט. די צערטליכ־
קייט פון די גרויסע, אויסגעלאָשענע הערצער, וואָס אטעמט
פון אָט די שטומע זייטען, דרינגען דורך פול פון ליעבע. זיינע
אויגען פילען זיך אָן מיט טרערען. ער פיהלט, ווי א געליעבט
באַשעפעניש וואָלט געשטאַנען הינטער איהם, ווי א זיסער
הויך וואָלט געצערטעלט זיינע באַקען, ווי צוויי אָרימס וואָל־
טען איהם ארומגעהמען פאַר'ן האַלז. א פאַרציטערטער
קעהרט ער זיך אום. ער פיהלט, ער ווייס עס, אַז ער איז ניט
אַליין. א ליעבענדע און געליעבטע נשמה איז דאָ פאַראַן ביי
זיין זייט. ער קרעכצט הויך, ווייל ער קען עס ניט באַנעהמען.
און דאָך ברייגנגט אויך דער שאָטען פון ביטערקייט, וואָס
מישט זיך דורך אין זיין התלהבות, א פאַרבאַרגענע זיסקייט.
דער טרויער אַליין ליכבט פאַר איהם. ער טראַכט וועגען זיינע
פיעלגעליעבטע לעהרער, די פאַרשוואונדענע גאונים, וועמעס
נשמות עס שטעהן ווידער אויף תחית המתים אין דער מוזיק,
אין וועלכער זיי האָבען אמאָל געלעבט. מיט א האַרץ אויפ־
געשוואָלען פון ליעבע, טראַכט ער וועגען יענעם איבער־
מענשליכען גליק, וואָס האָט געמוזט אויספאַלען אויף זיינע
באַריהמטע פריינד, אויב אפילו נאָר די בלאַסע אָפּשטראַה־
לונג פון זייער גליק, ברענט אזוי ליכטיג. ער חלומ'ט ידער־
פון צו ווערען גלייך מיט זיי און אויך צו לייכטען מיט אזא

ליעבע, ווי די, וואָס באַלייכטען איצט אין אַ פּאָר פּאַרלאַ־רענע שטראַהלען זיין עלענד מיט אַ געטליכען שמייכעל. אליין אויך צו זיין אַ גאָט, אַ היים פון פרייד, אַ זון פון לעבען!...

אָבער אַ, וועהגעשריען! ווען ער וועט אַמאָל ווערן גלייך צו די, וועמען ער ליעבט: ווען ער וועט דערגעהן צו דעם שטראַהלענדען ליכט, וואָס ער איז מקנא, דאַמאַלט וועט ער ערשט זעהן, וואָס פאַר אַ פאַלשער חלום עס איז געוועזן!...

איינמאָל א זונטאג איז קריסטאָף געווען איינגעלאַדען
פון זיין מוזיק־דירעקטאָר, טאביאס פפייפער, צום מיטאג־
עסען אויף זיין דאטשע, וואָס עס האָט זיך געפונען א שעה
רייזע פון שטאָדט. ער האָט גענומען דעם רהיין דאמפף־שיף.
אויפ'ן דעק האָט ער זיך אוועקגעזעצט לעבען א יונגען
בחור'ל אין זיינע יאָהרען, וואָס האָט זיך געפלייסט צו מאכען
פלאַץ פאר איהם. קריסטאָף האָט ניט געשאָנקען דערצו קיין
אויפמערקזאמקייט. אבער אין א מינוט ארום, מערקענדיג,
אז זיין שכן הערט ניט אויף איהם צו באקוקען, האָט אויך
ער זיך שארף צוגעקוקט צו איהם. עס איז געווען א בלאָנ־
דער יונגערמאנטשיק מיט רויטע, קיילעכדיגע באקען, מיט
די האָר גלאַט פארקאמט אויף א זייט און מיט א שאטען פון
וואנצעס אויף די ליפּען: ער האָט געהאט דעם אויסזעהן פון
א גוטמוטיגען „דראָנג“, כאָטש ער האָט זיך אָנגעטאָן
אזוי, אז ער זאָל אויסזעהן ווי א גאנצער דזשענ־
טעלמען. ער איז געווען אָנגעטאָן מיט גרויס
פּרעטענזיעס: א פלאַנעלענער אנצוג, מיט העלע
הענדשקעס, מיט ווייסע שיך און א בלאָס - בלויען
האַלזטוך: אין האנט האָט ער געהאלטען א שפּאַציר־שטאָק.
ער האָט געקוקט אויף קריסטאָף'ן פון דער זייט, ניט אומקעה־
רענדיג דעם קאָפּ, ווי א העהנדל: און אז קריסטאָף האָט פון
זיין זייט גענומען קוקען אויף איהם, איז ער רויט געוואָרען
ביז די אויערן, האָט ארויסגענומען א צייטונג פון קעשענע
און האָט זיך געמאכט, ווי ער וואָלט כלומרשט געווען טיעף
פארטאָן אין איהר. אבער אין עטליכע מינוט ארום האָט ער

זיך גיך איינגעבויגען אויפצוהויבען קריסטאָף׳ס הוט, וואָס איז געווען אראָפּגעפאלען. קריסטאָף, וואָס איז געווען איבער־ראַשט פון אזא העפליכקייט, האָט ווידער אַ קוק געטאָן אויפ׳ן בחור׳ל, און יענער איז ווידער רויט געוואָרען; קריסטאָף האָט טבוקען אָפּגעדאנקט, ווארום איהם איז ניט געפעלען געוואָרען די זאָרט הכנעה׳דיגע איבערגעבענהייט, און ער האָט פיינט געהאט, ווען מען האָט זיך מיט איהם אָפּגעגע־בען. פונדעסטוועגען האָט ער זיך געפיהלט געשמייכעלט.

באלד האָט ער דערפון מעהר ניט געטראכט. זיין אויפ־מערקזאמקייט איז געווען צוגעצויגען צו דער לאנדשאפט. שוין זייט אַ לאנגע צייט האָט ער זיך ניט געקאָנט ארויס־רייסען פון שטאָדט; אויך האָט ער געהאט גרויס פארגני־גען פון דער לופט, וואָס דער ווינט האָט איהם געשמיסען אין פנים אריין, פון גערויש פון די כוואַליעס, וואָס האָבען זיך אָנגעשלאָגען אין שיף, פון גרויסען שטח וואסער און פון די פארשיעדענע בילדער פון די ברעגעס: גרויע, נידעריגע בערגלאך, ווערבעס, וואָס האָבען זיך געבאָדען אין שטראָם, שטעדט, וואָס זיינען געווען געקרוינט מיט גאָטישע טורעמס, און רויכענדיגע פאבריק־קוימענס, געלע וויינגערטנער און לעגענדארישע פעלזען. אזוי ווי ער האָט אויפ׳ן קול אויסגע־דריקט זיין התלהבות, האָט זיין שכן, ווי כלומרשט לאחר יד, שעמעדיג, מיט אַ פארשטיקטער שטים ארויסגעזאָגט עטליכע היסטאָרישע באמערקונגען וועגען די חורבות, וואָס זיינען אזוי קוֹנציג צוריק אויפגעשטעלט געוואָרען מיט פלושטין, אזוי ווי ער וואָלט געהאלטען אַ דרשה פאר זיך אליין. קריסטאָף׳ס אויפמערקזאמקייט איז געוואָרען צוגעצויגען, און ער האָט ווייטער אויסגעפרעגט. דער אנדערער איז געווען גליקליך צו קענען ארויסווייזען זיינע קענטניסע, און ער האָט זיך גע־

איילט צו ענטפערן. ער האָט זיך איצט געווענדעט דירעקט צו קריסטאָף'ן, איהם אָנרופענדיג „העד הויף־פידעלער".

— „איהר קענט מיך אַלזאָ?" — האָט קריסטאָף אַ פרעג געטאָן.

„אַ, יאָ" — האָט דער בחור'ל געענטפערט אין אַ טאָן פון אַזאַ נאַיווער באַוואונדערונג, וואָס איז געווען אַ נחת־רוח פאַר קריסטאָף'ס גאוה.

זיי האָבען גענומען פּלוידערן איינער מיט'ן אַנדערען. דער יונגערמאַנטשיק האָט אַפּט געזעהן קריסטאָף'ן אויף די קאָנצערטען, און זיין פאַנטאַזיע איז געווען שטאַרק אָנגעצויגען דורך דאָס אַלץ, וואָס מען האָט וועגען איהם דערצעהלט. ער האָט עס אַפילו ניט ארויסגעזאָגט קריסטאָף'ן; אַבער יענער האָט עס געפיהלט, און איז פון פרייד איבער־ראַשט געוואָרען. ער איז געווען ווייניג געוואָהנט, מען זאָל ריידען צו איהם אין אַ טאָן פון אַזאַ טיעף דורכגעפיהלטען רעספּעקט. ער האָט ווייטער אויסגעפרעגט זיין שכן וועגען דער געגענד און איהר געשיכטע; יענער האָט מיט גרויס חשק ארויסגעלייגט די ידיעות, וואָס ער האָט אַליין אָקאָרשט באַקומען; און קריסטאָף האָט באַוואונדערט זיין געלעהרט־זאַמקייט. אַבער דאָס אַלץ איז נאָר געווען אַן אויסרייד פאַר זייער אונטערהאַלטונג; דאָס וויכטיגסטע פאַר זיי איז געווען איינער מיט דעם אַנדערן זיך נאָהענטער צו באַקענען. תחלת האָבען זיי ניט געהאַט דעם מוט זיך אָפען מודה צו זיין אין דעם. זיי האָבען זיך ווידער און ווידער אומגעקעהרט דערצו דורך פאַרשטעלטע, ניט געשיקטע פראַגען. צו ענד האָבען זיי זיך באַשלאָסען צו ריידען אָפענער, און קריסטאָף האָט זיך דערוואוסט, אַז זיין נייער פריינד הייסט „העד אָטאָ דיענער"

און איז א זוהן פון א רייכען סוחר אין שטאָדט. עס האָט זיך ממילא ארויסגעוויזען, אז זיי האָבען געמיינזאמע באקאנטע, און זייערע צינגער זיינען ביסלאכווייז לויזער געוואָרען. ווען דאָס שיף איז צוגעקומען צו דער שטאָדט, וואו קריסטאָף האָט באדארפט ארונטער, האָבען זיי געהאלטען אין רעכטען מי־טען פון א לעבעדיגען געשפּרעך. אטאַ איז אויך ארויס. דער צופאל איז ביי זיי אויסגעקומען זעהר מערקווירדיג, און קריסטאָף האָט פארגעשלאָגען צוזאמען זיך דורכצושפּאצירען ביז מיטאָגצייט. זיי האָבען זיך אוועקגעלאָזען דורך די פעל־דער. קריסטאָף האָט פריינדליך גענומען אטאַ'ן אונטער'ן אָרים, און האָט איהם אויסדערצעהלט זיינע פּלענער, אזוי ווי ער וואָלט איהם געקענט פון קינדהייט אָן. ער איז אזוי שטארק געווען אָפּגעוואָהנט פון דער געזעלשאפט פון קינ־דער פון זיין עלטער, אז עס איז געווען פאר איהם א פרייד אָהן שום גלייכען צו פארבלייבען צוזאמען מיט דעם גע־בילדעטען און גוטערצויגענעם יונגען מאן, וואָס האָט ארויס־געוויזען סימפּאטיע צו איהם.

די צייט איז פארביי ניט באמערקט. דיענער, שטאָלץ מיט דעם צוטרוי פון יונגען מוזיקאנט, האָט ניט געוואגט איהם צו דערמאָנען, אז עס האָט שוין געשלאָגען די שעה פאר זיין איינלאדונג. צו ענד האָט ער דאָך געפונען, אז עס איז זיין פליכט איהם צו דערמאָנען. אבער קריסטאָף, וואָס האָט אקאָרשט געהאלטען אין ארויפקלעטערן אויף א בארג אין רעכטען מיטען וואלד, האָט געענטפערט, אז קודם כל מוז מען דערגעהן ביז'ן שפּיץ בארג; ווען זיי זיינען דערגאנגען אהין, האָט ער זיך אויסגעצויגען אויפ'ן גראָז, אזוי ווי ער וואָלט געהאלטען ביים פארברענגען דאָרט דעם גאנצען טאָג. אין א פערטעל שעה ארום, ווען דיענער האָט דערזעהן,

אז ער וויל זיך נאָך אלץ ניט ריהרען, האָט ער ווידער פאַר־זיכטיג א פרעג געטאָן:

— „און אייער מאָהלצייט?"

קריסטאָף, וועלכער איז געלעגען אויסגעצויגען אין דער גאנצער לענג מיט די הענט אונטער'ן קאָפּ פארלייגט, האָט גאנץ רוהיג געענטפערט:

— „פּש"!

אָבער א קוק טוענדיג אויף אָטאָ'ס פארוואונדערטען פּנים, האָט ער זיך צולאכט. „דאָ איז צו שעהן" — האָט ער ערקלעהרט — „איך געה ניט אהין, זאָלען זיי ווארטען אויף מיר!"

ער האָט זיך האלב אויפגעזעצט:

— „איילט איהר זיך? ניין, ניט אמת? ווייסט איהר. וואָס מיר דארפען טאָן? מיר וועלען עסען מיטאג צוזאמען. איך וויים פון אן אכסניא".

דיענער האָט אפילו געהאט א סך טענות ארויסצושטע־לען. כאָטש קיינער האָט אויף איהם ניט געווארט; דאָך איז איהם בכלל ניט געווען אנגענעהם זיך צו באגעגענען מיט א באשלום, וואָס ער האָט ניט פאראויסגעזעהן: ער איז געווען א מענש מיט א סדר און האָט געקאָנט אלץ אויס'חשבונ'ען פאראויס. אבער קריסטאָף'ס פראגע איז געווען געשטעלט אין אזא טאָן, וואָס האָט ניט דערלאָזען די מעגליכקייט פון אפזאָגען זיך. אָט אזוי האָט ער געלאָזען זיך מיטשלעפּען, און זיי האָבען פון דאָס ניי גענומען פלוידערן.

אין רעסטאָראן האָט זייער ברען אביסעל נאָכגעלאָזען.ביידע זיינען געווען פארנומען מיט דער ערנסטער פראגע, ווער זאָל דעם אנדערן פארבעטען צום עסען; און יעדער איי־נער האָט שטילערהייט געהאלטען פאר אן עהרען־זאך אליין

צו זיין דער פארבעטער: דיענער, ווייל ער איז געווען דער רייכערער און קריסטאָף, ווייל ער איז געווען דער אָרימערער. זיי האָבען וועגען דעם ניט גערעדט אַפען. אבער דיענער האָט זיך באַמיהט זיין רעכט פעסטצושטעלען דורך דעם, וואָס ער האָט מעשה בעל־הבית באשטעלט די געריכטען. קריסטאָף האָט באמערקט, וואָס ער מיינט דערמיט, און האָט ווידער איבערגעיאָגט, באשטעלענדיג אַנדערע, נאָך טײערערע מאכלים; ער האָט איהם געוואָלט ווייזען, אז ער איז אזא מבין אויף די זאכען, ווי ווער עס איז אַן אַנדערער. ווען דיענער האָט געמאכט א נייע פּראָבע, נעהמענדיג זיך אויסקלייבען דאָס וויין, האָט איהם קריסטאָף ארונטערגעזעצט פון טראָפּ דורך זיין בליק; און האָט געלאָזט ברײנגען א פלאַש פון דער טייערסטער משקה, וואָס האָט זיך געפונען אין רעסטאָראַן.

זיך אוועקזעצענדיג ביי דעם רייך געגרייטען טיש, האָבען זיי זיך געפיהלט אביסעל ניט באקוועם. זיי האָבען ניט געוואוסט וועגען וואָס צו ריידען צווישען זיך. האָבען געגעסען מיט גרויס כונה, און זיך געפיהלט געשטערט, געבונדען אין זייערע באַוועגונגען. זיי האָבען פּלוצלונג באמערקט, אז זיי זיינען פרעמדע איינער פאַר'ן אַנדערן, און זיי האָבען זיך גענומען צוקוקען איינער צום אנדערן. די אנשטרענגונגען וויעדער אַפּצופרישען דעם געשפּרעך זיינען געווען אומזיסט: ער האָט זיך באַלד ווידער איבערגעריסען. אַט אזוי האָבען זיי זיך געלאַנגווײלט די ערשטע האַלבע שעה. צום גליק האָט דאָס מיטאג־עסען געטאָן דאָס זייניגע, און די ביידע טיש־פריינד האָבען אָנגעהויבען צו קוקען איינער אויף דעם אַנדערן מיט מעהר פארטרויען. קריסטאָף, וואָס איז באזונדערס ניט גע־ווען געוואָהנט צו אזעלכע פּאַראַדנע סעודות, האָט זיך צו־

דערם. ער האָט דערצעהלט פון זיין שווערען לעבען; און אַטאַ, פארלאָזענדיג זיין אַנגעצויגענקייט, האָט זיך מודה געוועזן, אז ער איז אויך ניט גליקליך. ער איז שעמעדיג און שוואך, און זיינע חברים נוצען עס אויס. זיי מאכען חוזק פון איהם; זיי זיינען איהם ניט מוחל, וואָס ער פאראכטעט זייערע שלעכטע מאַניערען; זיי טוען איהם אָפּ שמד'שטיק.— קריסטאָף האָט צוזאמענגעדריקט די פויסטען און געזאָגט, אז קיין גוטס וואָלט זיי ניט צוקומען, אויב זיי וואָלטען עס געפּרובירט טאָן, ווען ער איז דערביי. — אַטאַ האָט זיך געפיהלט געקריינקט אויך פון זיין משפחה. קריסטאָף האָט דעם וועהטאָג געפיהלט פון זיך אליין; און אזוי האָבען זיי ביידע רחמנות געקראָגען איינער אויף דעם אנדערן... דיעזערם עלטערן האָבען געוואָלט פון איהם מאכען א סוחר, כדי ער זאָל איבערנעהמען דעם פאטערם געשעפט. ער אבער האָט געוואָלט ווערען א פּאָעט. יא, ער וועט זיין א פּאָעט, ווען אפילו ער זאָל דארפען, ווי שילער, אנטלויפען פון דער היים און לעבען אין דחקות! (אגב אורחא: ער האָט גע'ירש'נט דעם פאטערם גאנצען פארמעגען און דאָס איז געווען גאָר ניט קיין קטנות). ער האָט זיך מודה געווען, רויט ווערענדיג, אז ער האָט שוין געשריבען געדיכטע וועגען דעם טרויער פון לעבען; ער האָט אבער ניט געקאָנט זיך באַשליסען, ניט קוקענדיג אויף קריסטאָף'ס בקשות, זיי פארצולייענען. צום סוף האָט ער פּאָרט פארגעלייענט, שטאַמלענדיג פון אויפרעגונג, צוויי דריי פון זיי. קריסטאָף האָט געפונען, אז זיי זיינען וואונדערשעהן. זיי האָבען איינע די אנדערע דערצעהלט זייערע פּלענער מכח דער צוקונפט: שפּעטער וועלען זיי ארבייטען צוזאמען, זיי וועלען שרייבען דראמען און גאנצע סעריעס ליעדער. זיי האָבען איינע די אנדערע באַוואונדערט.

אויסער פאַר זיין גרויסען נאָמען אַלס מוזיקאַנט, האָט אַטאַ באַלד גרויס דרך ארץ באַקומען אויך פאַר קריסטאָף׳ס קראַפט און פאַר זיין האַרציגען באַנעהמען זיך. און קריסטאָף האָט געפיהלט אַ שוואַכקייט פאַר אַטאַ׳ס עלעגאַנץ, פאַר זיינע גוטע מאַניערען. — אַלץ איז דאָך אַזוי פאַרהעלטניסמעסיג אין דער וועלט — און פאַר זיינע גרויסע קענטניסע, אַט די קענטניסע, וואָס האָבען איהם לחלוטין געפעהלט, און נאָך וועלכע ער האָט אַזוי געגאַרט.

פיעל ווערענדיג פון דער סעודה, מיט די עלענבויגענס אויפ׳ן טיש, האָבען זיי אַזוי גערעדט צווישען זיך און איינער דעם אַנדערן אויסגעהערט מיט ריהרונג אין די אויגען. עס איז געוואָרען שפּעטלאָך נאָך מיטאָג. מען האָט געמוזט זיך ריהרען פון אָרט. אַטאַ האָט געמאַכט די לעצטע פּראָבע צו פאַרכאַפּען די רעכנונג. קריסטאָף אָבער האָט איהם געצוואונגען מיט אַ בייזען בליק צו בלייבען אויף זיין פּלאַץ אַזוי, אַז ביי איהם איז אַוועק יעדער חשק זיך צו שטעלען אַנטקעגען. קריסטאָף האָט געהאַט נאָר איין זאָרג: מען זאָל ניט בעטען מעהר, ווי פיעל ער האָט געהאַט ביי זיך; ער וואָלט בעסער אַוועקגעגעבען זיין זייגער און אַלץ וואָס ער האָט מיט זיך געהאַט, איידער אַטאַ זאָל דערפון זיך דערוויסען. אָבער אַזוי ווייט איז עס ניט דערגאַנגען; ער האָט געמוזט זיך צופריידענשטעלען דערמיט, מקריב צו זיין כמעט זיין גאַנצע געהאַלט פון חודש פאַר דעם מיטאָגעסען.

זיי האָבען זיך ווידער אַראָפּגעלאָזען באַרג אַראָפּ. די אָוונט־פינסטערניש האָט אָנגעהויבען זיך אויסצושפּרייטען איבער דעם סאָסנע־וואַלד. די שפּיצען האָבען נאָך געשוואַרמען אין ראָזאַווען ליכט; זיי האָבען זיך געוויגט לאַנגזאַם אַרויף און אַראָפּ און האָבען גערוישט ווי דער ים; דער פור־

פורנער נאָדעל־טעפיך האָט אפגעשוואכט דעם קלאנג פון זייערע טריט.ביידע האָבען געשוויגען. קריסטאָף האָט געפיהלט, ווי זיין הארץ ווערט פול פון א זאָנדערבאַרער און זיסער געריהרטקייט. ער איז געווען גליקליך, האָט געוואָלט ריידען, נאָר עפּעס א מורא האָט איהם געדריקט. א מינוט איז ער געבליבען שטעהן שטיל, און אויך אָטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט. ארום האָט אלץ געשוויגען. פליגעלאך האָבען געזשומעט הויך אויבען אין א זונען שטראהל. א טרוקענער צווייג איז ארונטערגעפאלען. קריסטאָף האָט אָנגענומען אָטאָ'ס האנד און האָט א פרעג געטאָן מיט א ציטערנדיגער שטים:

— „ווילט איהר זיין מיין פריינד?“

אָטאָ האָט געמורמעלט:

„יאָ!“

זיי האָבען זיך געדריקט די הענט. זייערע הערצער האָבען געקלאפּט; זיי האָבען קוים געוואגט צו קוקען איינער אויף דעם אנדערען.

אין א מינוט ארום האָבען זיי ווידער זיך געלאָזען געהן. זיי זיינען געגאנגען עטליכע טריט ווייט איינער פון אנדערן און ביז צום עק וואלד האָבען זיי מעהר ניט גערעדט: זיי האָבען מורא געהאט פאר זיך אליין און פאר זייער געהיימניספולע אויפרעגונג. זיינען געגאנגען זעהר גיך און זיך ניט אָפּגעשטעלט ביז זיי זיינען ניט ארויס פון דעם שאָטען פון די בוימער. דאָרטען האָבען זיי זיך בארוהיגט און זיך ווידער גענומען פאר די הענט. זיי האָבען באוואונדערט דעם דורכזיכטיגען אָווענט, וואָס האָט זיך אראָפּגעלאָזען; און זיי האָבען גערעדט צווישען זיך אין אָפּגעריסענע פראַזען.

אויפ'ן שיף, זיצענדיג אויפ'ן דעק, אין דער בלישטשענ־

דיגער פינסטערניש, האָבען זיי געפּרובירט ריידען פון גלייכ־גילטיגע זאכען; אבער זיי האָבען קוים געהערט, וואָס זיי האָבען גערעדט; זיי האָבען זיך געבאדען אין א גליקליכע מידקייט. זיי האָבען ניט געפיהלט דעם פארלאנג צו ריידען איינער מיט'ן אנדערן, זיך צו געבען די הענט, אדער זאגאר צו קוקען איינער אויפ'ן אנדערן; זיי זיינען געווען נאָהענט איינער צום צווייטען.

פאר'ן אָנקומען אהיים, האָבען זיי אָפּגעמאכט זיך וויע־דער צו טרעפען דעם קומענדען זונטאג. קריסטאָף האָט באַ־גלייט אָטאָ'ן ביז יענעמ'ס טיר. ביי דעם שיין פון דער גאַז־לאמטערנע האָבען זיי פארשעמט געשמייכעלט, ארויסשטאַמ־לענדיג געריהרט: „צום ווידערזעהן". זיי האָבען געפיהלט א דערלייכטערונג זיך צו שיידען, זייענדיג אזוי אָפּגעמאַטערט פון דער אויפרעגונג, וואָס זיי האָבען דורכגעלעבט די לעצ־טע שטונדען, פון די יסורים, וואָס עס האָט זיי געקאָסט דאָס קלענסטע וואָרט, וואָס האָט דורכגעבראָכען די שטיל־קייט.

קריסטאָף איז אליין אוועק אין דער נאכט. זיין האַרץ האָט געזונגען: „איך האָב א פריינד, איך האָב א פריינד!" ער האָט קיין זאך ניט געזעהן, קיין זאך ניט געהערט; ער האָט וועגען קיין אנדער זאך ניט געטראכט.

ער איז אנידערגעפאלען שלאָפען, און איז איינגעשלאָ־פען ווי נאָר ער האָט זיך געלייגט. צוויי דריי מאָל האָט ער זיך אויפגעכאפּט ביינאכט ווי דורך עפּעס א דריקענדען געדאנק. ער האָט איבערגע'חזר'ט: „איך האָב א פריינד", און איז ווידער איינגעשלאָפען.

אויף מאָרגען האָט זיך איהם געדאכט, אז דאָס אלץ האָט איהם זיך נאר גע'חלומ'ט. כדי צו זיין זיכער, אז דאָס אלץ איז טאקי געשעהן, האָט ער אנגעהויבען זיך צו דערמאָנען אָן די קלענסטע פּרטים פון דאָס, וואָס נעכטען איז געשעהן. ער איז אין דעם געוועזן פארטיעפט אויף געבענדיג שטונ־דען; זאָגאר נאָכמיטאג צייט, ביי דער רעפּעטיציע פון אָר־קעסטער, איז ער געווען אזוי צושטרייט, אז ער האָט ביים אוועקגעהן קוים זיך געקאָנט דערמאָנען, וואָס ער האָט גע־שפּיעלט.

קומענדיג אהיים, האָט ער געפונען א בריעף. ער האָט ניט געדארפט פרעגען פון וואנען דאָס קומט. ער איז אריינ־געלאָפען ביי זיך אין צימער, און זיך פארשלאָסען אום עס צו לייענען. אויף בלאסבלויע פּאַפּיר איז געווען געשריבען מיט א ריינער, לאנג־אויסגעצויגענער, ניט באַשטימטער האנט־שריפט מיט פארציקונגען:

„טייערער הער קריסטאָף! צי דארף איך וואגען צו זאָ־גען: זעהר געעהרטער פריינד?

„איך טראכט זעהר פיעל פון אונזער נעכטיגען שפּאַ־ציר, און איך דאנק אייך אָהן א שיעור פאר די פריינדליכ־קייט, וואָס איהר האָט מיר ארויסגעוויזען. איך בין אייך אזוי דאנקבאר פאר דאָס אלץ, וואָס איהר האָט געטאָן, און פאר די גוטע ווערטער, און פאר דעם אויסגעצייכענטען מאָל־צייט! עס פארדריסט מיר נאָר, וואָס איהר האָט זיך גע־לאָזט קאָסטען אויף דעם אזוי פיעל געלט. וואָס פאר א פרעכ־

טיגער טאָג! צי איז עס ניט ווי די השגחה אליין וואָלט גע־
וואָלט עס זאָל פארקומען דאָס וואונדערבארע באגעגעניש?
איך גלויב, אז דער שיקזאַל אליין האָט אונז געוואָלט פאר־
בינדען. ווי שטארק פרעה איך זיך, אייך ווידער אמאָל צו
זעהן קומענדיגען זונטאג! איך האָף, אז איהר האָט געהאט ניט
צופיעל אונאננעהמליכקייטען צוליעב דעם פארזאמטען מי־
טאג ביי דעם הער'ן מוזיק־דירעקטאָר. עס וואָלט מיר זעהר
פיעל יסורים געקאָסט, אויב איהר וואָלט צוליעב מיר געהאט
ערגערניש.

„איך בין אויף אייביג, זעהר טייערער הער קריסטאָף,
אייער גאנץ איבערגעגעבענער פריינד,

א ט א ד י ע נ ע ר"

„פ. ס. — קומט ניט זונטאג, איך בעט אייך, מיך נעה־
מען פון דער היים. אויב אייך איז עס ניחא, זאָלען מיר זיך
בעסער טרעפען אין שלאָסגאָרטען."

קריסטאָף האָט געלייענט דעם בריעף מיט טרעהרען אין
די אויגען. ער האָט איהם געקושט; ער האָט זיך צולאכט;
ער איז אויפגעשפרונגען פון בעט. ער איז צוגעלאָפען צום
טיש און גענומען די פעדער, כדי גלייך צו ענטפערן. ער האָט
א מינוט ניט געקאָנט ווארטען. אבער ער איז ניט געווען גע־
וואָהנט צום שרייבען; ער האָט ניט געוואוסט, ווי אויסצור־
דריקען דאָס, וואָס האָט אָנגעפילט זיין הארץ. ער האָט דורכ־
געשטאָכען דאָס פאפיר מיט'ן פעדער, האָט שווארץ געמאכט
די פינגער מיט טינט, האָט געטופעט מיט'ן פוס פון אונגע־
דולד. סוף כל סוף, נאָכדעם ווי ער האָט צוריסען פינף אָדער
זעקס טשערנאָוויקעס, האָט איהם זיך איינגעגעבען אויפצור־
שרייבען מיט צודרעהטע אותיות, וואָס זיינען געווען פאר־

נאָנדערגעוואָרפען אויף אַלע זייטען, און מיט א סך, א סך טעות'ן אין אויסלייגאַכץ:

„מיין נשמה! ווי אזוי קענסטו גאָר ריידען פון דאנקבארקייט, ווען איך ליעב דיך! צי דען האָב איך דיר ניט געזאָגט, ווי טרויעריג און פארלאָזען איך בין געווען, איידער איך האָב דיך געקענט? דיין פריינדשאפט איז פאר מיר די גרעסטע מתנה. נעכטען בין איך געווען אזוי גליקליך, אזוי גליקליך, דעם ערשטען מאָל אין מיין לעבען! ווען איך לייען דיין בריעף, וויין איך פון שמחה. יאָ, צווייפעל ניט, מיין געליעבטער, עס איז דער שיקזאל, וואָס ברייננגט אונז נאָהענט צוזאמען; ער וויל, אז מיר זאָלען זיין פריינד, כדי צו קענען אויפטאָן גרויסע זאכען. פריינד! וואָס פאר א הימליש וואָרט. צי דען איז מעגליך, אז איך זאָל סוף כל סוף האָבען א פריינד? אָ — דו וועסט מיך קיינמאָל ניט פארלאָזען, ניט אמת? דו וועסט בלייבען טריי צו מיר? אייביג! אייביג!... ווי שעהן וועט עס זיין, ווען מיר וועלען צוזאמען אויפוואקסען, צוזאמען ארבייטען, צוזאמען שאפען: איך מיינע מוזיקאלישע איינפאלען, יענע אלע משוגע'נע זאכען, וואָס מישען זיך ביי מיר אין קאָפּ, און דו דיין שכל, דיין וואונדערבארע געלערנטקייט! ווי פיעל זאכען דו קענסט! איך האָב קיין מאָל ניט געזעהן אזא קלוגען מענשען, ווי דו ביזט. אָפטמאָל בין איך אונרוהיג: מיר דאכט זיך, אז איך בין ניט ווערט דיין פריינדשאפט. דו ביזט אזוי איידעל און אזא מושלם, און איך בין דיר אזוי דאנקבאר, וואָס דו האָסט האָלט אזא פראָסטען נפש, ווי איך בין!... אבער ניין! איך וועל דיר עפּעס זאָגען: מיר דארפען קיינמאָל ניט ריידען פון דאנקבארקייט. אין פריינדשאפט זיינען ניטאָ קיין בעלי־חובות און קיין בעלי־טובות. קיין טובות וואָלט איך ניט אָנגענומען. מיר

זיינען גליַיך איינער מיט'ן אַנדערן, ווייל מיר ליעבען איינער דעם אַנדערן. ווער האָלט מיך אָפּ פון דעם דיך צו זעהן? איך וועל ניט קומען דיך נעהמען פון דער היים, אַזוי ווי דו ווילסט עס ניט — כאָטש, באמת גערעדט, פאַרשטעה איך ניט די אַלע פאַרזיכטיגקייטען—; אָבער דו ביזט דער קליגערער, ביזטו געוויס גערעכט...

„נאָר נאָך איין וואָרט! רייד מעהר ניט פון געלט. איך האָס געלט; דאָס וואָרט און די זאַך אַליין. איך בין אפילו ניט רייך, אָבער איך האָב שטענדיג גענוג מכבד צו זיין מיין פריינד; און עס איז פאַר מיר אַ פרייד אַוועקצוגעבען פאַר איהם אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג. צי דען וואָלסטו ניט טאָן דאָסזעלבע? צי וואָלסטו ניט געווען דער ערשטער מיר אַוועקצוגעבען דיין גאַנצען פאַרמעגען, ווען איך זאָל עס דאַרפען? — אָבער דערצו וועט קיינמאָל ניט קומען! איך האָב גוטע פויסטען און אַ קלאָהרען קאָפּ; און וועל שטענדיג ווייסען ווי צו פאַרדיענען דאָס ברויט, וואָס איך עס. — אויף זונטאָג! גאָט! אַ גאַנצע וואָך דיך ניט זעהען! און מיט צוויי טעג צוריק האָב איך דיך אַפילו ניט געקענט! ווי אַזוי האָב איך אַזוי לאַנג געקאָנט לעבען אָהן דיר?

„דער טאַקט קלאַפּער האָט אַפילו געפּרובירט בורטשען, אָבער דאַגה וועגען דעם ניט מעהר ווי איך! וואָס קימערן מיך די אַנדערע? איך פאַראַכט, וואָס זיי טראַכטען וועגען מיך, און וואָס זיי וועלען ווען עס איז טראַכטען. נאָר דו ביזט וויכטיג פאַר מיר. ליעב מיך זעהר, מיין נשמה, ליעב מיך, ווי איך ליעב דיך! איך קען דיר ניט זאָגען, ווי שטאַרק איך ליעב דיך! איך בין דיינער, דיינער — פון שייטעל ביז דער פּאָדעשווע. דיינער אויף אייביג, קריסטאָף."

קריסטאָף האָט זיך אַ גאַנצע וואָך אויפגעגעסען פון

אונגעדולד. ער האָט אויפגעלייגט שטיקער וועג, כדי דורכ־
צוגעהן דעם אָרט, וואו אטאָ'ס הויז איז געשטאַנען; ער
האָט זאָגאר ניט געוואָרט איהם צו זעהן; אבער עס איז גע־
ווען פאר איהם גענוג א קוק צו טאָן אויפ'ן הויז, אום צו ווערן
רויט און בלאַס. דאָנערשטאָג האָט ער מעהר שוין ניט אויס־
געהאַלטען, און האָט געשיקט א צווייטען בריעף, נאָך א מעהר
אויפגערעגטען, ווי דער ערשטער. אָטאָ האָט אויף דעם גע־
ענטפערט זעהר סענטימענטאַל.

דער זונטאָג איז סוף כל סוף געקומען; און אָטאָ האָט
זיך באוויזען פּינקטליך צום מינוט. אבער שוין כמעט א שעה
פריהער איז קריסטאָף אויסגעגאַנגען פון אונגעדולד, וואַרטענ־
דיג אויפ'ן פריינד. ער האָט אָנגעהויבען זיך צו ערגערן, פאר
וואָס ער קומט ניט. ער האָט געציטערט, צי איז אָטאָ ניט
קראַנק געוואָרען; ווארום, אז ער זאָל ניט האַלטען וואָרט,
איז איהם אפילו א מינוט ניט איינגעפאַלען צו טראַכטען.
גאַנץ שטיל האָט ער געזעדט צו זיך: „גאָט, מאַך אז ער
זאָל קומען!" און ער האָט מיט זיין שפּאַצירשטאָק גע־
קלאַפּט אין די שטיינדלאַך פון דער אַלייע, זאָגענדיג, אז אויב
ער וועט דריימאָל ניט טרעפען, איז א סימן, אז אָטאָ וועט
ניט קומען; און אויב ער וועט יא טרעפען, וועט אָטאָ באַלד
קומען. און כאָטש ער האָט מיט אזוי פיעל אויפמערקזאַמ־
קייט זיך געצילעוועט, און כאָטש די אויפגאַבע איז געווען
אזוי לייכט, האָט ער דריי מאָל שוין געהאַט ניט געטראָפען,
ווען ער האָט באמערקט אָטאָ'ן, אָנקומענדיג מיט זיינע רו־
היגע און געזעצטע טריט; ווארום אָטאָ איז שטענדיג געבלי־
בען אז אקוראַטנער, ווי אויפגערעגט ער זאָל ניט זיין.
קריסטאָף איז איהם געלאָפען אנטקעגען, און מיט א טרוקע־
נער האַלז איהם געזאָגט: „גוט מאָרגען!" אָטאָ האָט גע־

ענטפערט: „גוט מאָרגען!“ אבער מעהר האָבען זיי ניט געוואוסט, וועגען וואָס צו ריידען; העכסטענס וועגען דעם, אז דער וועטער איז וואונדערבאר שעהן, און אז עס איז 5, 6 מינוט נאָך צעהן, ווייל דער שלאָס־זייגער קריכט שטענדיג איין.

זיי זיינען אוועק צום וואקזאל, און האָבען גענומען דעם צוג צו א נאָהענטער סטאַנציע, וואוהין די שטאָדט־איינוואוהנער פלעגען ארויספאָהרען אויף שפּאציר. אויפ׳ן וועג איז זיי קוים אויסגעקומען א צעהנדליג ווערטער אויסצוריידען איינער מיט׳ן אנדערן. זיי האָבען געפּרובירט עס ממלא זיין דורך פיעל זאָגענדיגע בליקען; אבער אויך דאָס האָט זיך ניט איינגעגעבען. געוואָלט האָבען זיי זאָגען איינער דעם צווייטען, וואָס פאר׳ע גוטע פריינד זיי זיינען; זייערע אויגען האָבען אבער גאָר ניט געזאָגט, און זיי האָבען געשפּיעלט קאָמעדיע. קריסטאָף האָט עס מיט הארצוועהטאָג באמערקט. ער האָט ניט פארשטאַנען, פאר וואָס האָט ער ניט געקאָנט אויסדריקען, זאגאר ניט פיהלען דאָס אלץ, וואָס האָט נאָך מיט איין שעה פריהער אזוי פול געמאכט זיין הארץ? אָטאָ האָט זיך ניט אָפּגעגעבען אזא קלאָהרען דין־וחשבון וועגען דער זאַך, ווייל ער איז געווען ווייניגער אָפענהערציג, און האָט אין זיך גופא ארייגעקוקט מיט מעהר פארזיכטיגקייט; אבער אויך ער האָט געפיהלט זיך אָפּגענארט. דער אמת איז געווען, אזביידע קינדער האָבען אין די אכט טעג פון זייער צושיידונג אזוי הויך אויפגעבלאָזען זייערע געפיהלען, אז עס איז פאר זיי געוואָרען אונמעגליך זיך צו האַלטען אויף דער דאָזיגער הויך אין דער ווירקליכקייט; און ווען זיי האָבען זיך צוזאמענגעטראָפען, האָט זייער ערשטער איינדרוק געמוזט זיין אן ענטוישונג. אבער זיי האָבען ניט געקאָנט זיך

באשליסען אין דעם זיך מודה צו זיין.

דעם גאנצען טאָג האָבען זיי זיך ארומגעשלעפּט איבער דער געגענד, ניט קענענדיג אפּשאָקלען פון זיך די אָנגעצויגענקייט און דעם צוואנג, וואָס איז געלעגען אויף זיי. עס איז געווען א יום־טוב. די רעסטאָראנס און די וועלדער זיינען געווען פול מיט מחנות שפּאַצירענדע—קליינבירגערליכע פאמיליעס, וואָס האָבען אָנגעמאכט א סך טומעל, און האָבען אומעטום געגעסען. דאָס האָט פארשטארקט די שלעכטע שטימונג: זיי האָבען ארויפגעוואָרפען אויף די באלעסטיגענדע מענשען די שולד, פאר וואָס זיי קענען ניט ווידער געפינען די מונטערקייט און פרייהייט פון זייער ערשטען שפּאציר. פונדעסטוועגען האָבען זיי גערעדט צווישען זיך, און זיך אָנגעטאָן א כח צו געפינען וועגען וואָס צו רעדען; זיי האָבען מורא געהאט צו באמערקען, אז אין תוך גענומען, האָבען זיי גאָר ניט וואָס צו זאָגען איינער דעם אנדערן. אָטאָ האָט אויסגעשאָטען זיין שול־תורה. קריסטאָף האָט זיך ארייגעלאָזען אין טעכנישע ערקלעהרונגען מכח מוזיקאלישע ווערק און פידעלשפּיעלען. זיי האָבען איינער דעם אנדערען דערעסען. זיי האָבען זיך אליין דערעסען, הערענדיג די אייגענע רייד. און פונדעסטוועגען האָבען זיי ניט אויפגעהערט צו ריידען, מורא האָבענדיג אויפצוהערן; ווארום דאמאָלט וואָלט זיך געעפענט דער תהום פון שווייגען, וואָס וואָלט זיי פארגליווערט. אָטאָ האָט געהאט שטארק חשק צו וויינען; און קריסטאָף האָט געהאלטען דערביי איהם צו לאָזען זיצען און צו אנטלויפען אזוי פלינק ווי מעגליך, אזוי שטארק האָט איהם פארדראָסען און געקריינקט.

ערשט א שעה פאר'ן פאָהרען צוריק, האָבען זיי זיך צוואווארעמט. טיעף אין וואלד האָט א הונט זיך צובילט;

ער האָט זיך אווענגעלאָזען אויפ'ן גרעזעג אויפ'ן אייגענעם חשבון. קריסטאָף האָט געמאכט דעם פאָרשלאָג זיך צו באַהאַלטען אין זיין ריכטונג, טאָמער וועט מען באַמערקען די חיה'לע, נאָך וועלכער ער יאָגט זיך. זיי זיינען אריינגעלאָפען אין רעכטער געדיכטעניש פון וואלד. דער הונט האָט באלד זיך דערווייטערט, באלד געקומען צוריק. זיי זיינען איהם נאָכגעגאנגען אויף רעכטס און אויף לינקס, געהענדיג ווייטער און קומענדיג צוריק אויפ'ן זעלבען אָרט. דאָס בילען איז געוואָרען שטאַרקער. דער הונט איז כמעט דערשטיקט געוואָרען פון אונגעדולד און פון זיין בלוטדורשטיגען געשריי: ער איז צוגעקומען צו זיי. קריסטאָף און אָטאָ זיינען געלעגען אויף די טרוקענע בלעטער אויף דעם סלאָד פון די טריט, װאַרטענדיג און איינהאַלטענדיג דעם אָטעם. דאָס בילען איז אנטשוויגען געוואָרען. דער הונט האָט דעם סלאָד פאַרלאָרען: נאָך איינמאָל האָט מען געהערט זיין האַווקענען פון דער ווייטענס; דאַן האָט די שטילקייט ווידער זיך אראָפּגעלאָזען איבער'ן וואלד. קיין גערויש, נאָר דאָס געהיימניספולע זשומען פון מיליאָנען ברואים — פון קליינע פליגעלאַך און פון ווערים, וואָס נאָגען אָהן אַן אויפהער און צושטערן דעם וואלד — דער אייביג גלייכער אָטעם פון טוידט, וואָס שטעלט זיך קיינמאָל ניט אָפּ.

די קינדער האָבען זיך צוגעהערט און זיך ניט גערירט. פונקט אין דעם אויגענבליק, ווען זיי האָבען זיך אויפגעהויבען ענטוישטע און געזאָגט: „א סוף, ער קומט ניט", איז א קליינער האַז ארויסגעשפּרונגען פון וועלדעל; ער האָט זיך א לאָז געטאָן גלייך אויף זיי; זיי האָבען ביידע איהם דערזעהן אין דערזעלבער צייט און ארויסגעלאָזען א געשריי פון פרייד. דער האַז האָט זיך באלד א וואַרף געטאָן אַן א

זייט; זיי האָבען דערזעהן, ווי ער כאַפּט זיך אריין צווישען די בוימער, לויפענדיג ווי צו ברעכען האלז און נאַקען; הינטער איהם האָט זיך נאָכגעטראָגען דער גערויש פון די צווייגען, ווי דאָס מורמלען פון כוואַליעס, און איז אנטשוויגען געוואָרען. כאָטש זיי האָט פארדראָסען, פאר וואָס זיי האָבען זיך צושריען, האָט די פּאַסירונג זיי פארשאַפט גרויס פרייד. זיי האָבען זיך געקייקעלט פון געלעכטער, דערמאָנענדיג זיך אָן יענעם צושראָקענעם שפרונג פון האָז; און קריסטאָף האָט איהם זעהר קונציג נאָכגעמאַכט. אויך אָטאָ האָט עס געפּרובירט טאָן. דאַן האָבען זיי זיך גענומען יאָגען איינער נאָכ׳ן אנדערן. אָטאָ איז געווען דער האָז; קריסטאָף — דער הונט. זיי זיינען געלאָפען דורכ׳ן וואלד און דורך די לאָנקעס, זיך אריבערווארפענדיג איבער פארקאַנעס, און אריבערשפּרינגענדיג איבער גראָבענס. א פויער האָט זיי נאָכגעשיקט קללות, ווייל זיי האָבען זיך אריינגעריסען אין א תבואה פעלד; זיי האָבען אבער זיך ניט צוגעהערט, און געלאָפען ווייטער. קריסטאָף האָט אזוי קונציג נאָכגעמאכט דעם הייזעריגען בילען פון א הונט, אז אָטאָ האָט געמוזט לאַכען ביז טרעהרען. צו ענד האָבען זיי זיך געלאָזט אראָפּגליטשען פון א בערגעל, שרייענדיג ווי משוגעים. ווען זיי האָבען שוין ניט געקאָנט אפילו א קול ארויסלאָזען, האָבען זיי זיך אוועקגעזעצט און אָנגעקוקט איינער דעם אנדערן מיט לאכענדיגע אויגען. איצט זיינען זיי געווען באמת אין גאַנצען גליקליך און מיט זיך אליין צופריעדען. און דאָס נאָר דערפאר, וואָס זיי האָבען ניט געפּרובירט שפּיעלען די ראָלע פון פריינדשאַפטס־העלדען; זיי זיינען אָפענהערציג געווען, דאָס וואָס זיי זיינען געווען: צוויי קינדער.

צוריקוועגס זיינען זיי געגאַנגען געאָרעמט, זינגענדיג

אלערליי נארישע ליעדלאך. מיט אמאָל, זיך דערנעהענטערנדיג צום שטאָדט, האָט זיי זיך פארוואָלט ווייטער ארויפציהען אויף זיך די פריהערדיגע ראָלע, און אין לעצטען בוים האָבען זיי אויסגעשניטען ראשי־תבות פון זייערע נעמען מיט פארצירונגען. אבער זייער גוטע שטימונג האָט גובר געווען איבער זייער סענטימענטאליטעט; און, פאָהרענדיג אין באהן צוריק אהיים, האָבען זיי ארויסגעפלאצט מיט א געלעכטער יעדעס מאָל, ווען זיי האָבען א קוק געטאָן איינער אויפ׳ן אנדערן. ווען זיי זיינען זיך פארנאַנדערגעגאנגען, זיינען זיי געווען זיכער, אז זיי האָבען פארבראכט א „קאָלאָסאל ענטציקענדען" טאָג; און אָט די זיכערקייט איז געוואָרען פעסטער ביי זיי, ווען זיי זיינען ווייטער געבליבען אליין.

זיי האָבען אויפגענומען פון דאָס ניי זייער בויאַרבייט געדולדיג און שאַרפזיניג, ווי די ביהנען: וואָרום זיי זיינען געווען בכח פון די שטיקלאַך זכרונות, וואָס האָבען אַ גאַנץ קנאַפּען ווערט געהאַט, אויסצומאָלען אַ פּרעכטיג בילד פון זיך אַליין און פון זייער פריינדשאַפט. נאָכדעם ווי זיי פלעגען אַ גאַנצע וואָך זיך אויף אַזאַ אופן אידעאַליזירען, פלעגען זיי זונטאָג זיך וויעדער זעהן: און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די ווירקליכקייט איז ניט געשטאַנען אין קיין פּראָפּאָרציע צו דער פאַנטאַזיע, האָבען זיי זיך איינגעוואָהנט עס ניט צו באַמערקען, און איבערצומאַכען די זאַכען לויט זייער פאַרלאַנג.

זיי האָבען שטאָלצירט דערמיט, וואָס זיי זיינען פריינד. זאָגאַר דער היפּך וואָס איז געווען צווישען זייערע נאַטורען, האָט זיי דערנאָהענט איינעם צום אַנדערן. קריסטאָף האָט ניט געקאָנט קיינעם, אַזוי שעהן ווי אָטאָ. זיינע איידעלע הענט, שעהנע האָר, פרישע געזיכטספאַרב, שעמעוודיגער זאָרט ריידען, די העפליכקייט פון זיינע מאַניערען און די זאָרגפעלטיגע פּינקטליכקייט פון זיין אָנטאָן זיך, האָבען איהם געבראַכט אין גרויס התפעלות. אָטאָ איז געווען באַזיעגט פון קריסטאָף'ס שטראָמענדע קראַפט און אונאָפּהענגיגקייט. זייענדיג איינגעוואָהנט דורך אַ ירושה פון יאָהרהונדערטע, הייליג צו אַכטען יעדע אויטאָריטעט, האָט ער געפיהלט אַ פרייד, געמישט מיט שרעק, זיך צו חבר'ן מיט אַ פרייגד, וואָס קימערט זיך בטבע אַזוי ווייניג פאַר אַלע

פעסטבאַשטימטע כּללים. עס פלעגט איהם באַפאַלען אַ קליי־
נער תאוה׳דיגער ציטער, ווען ער פלעגט הערען ווי קריסטאָף
רייסט אַרונטער די באַריהמטע מענער פון שטאָדט, און ווי
ער קרימט נאָך דעם פירשט אַליין. קריסטאָף, וויעדער, האָט
באַמערקט, וואָס פאַר אַ צוציהונגס־כּח ער באַקומט דורך דעם
אויף זיין פריינד, און ער פלעגט נאָך מגזם זיין זיין אַרויספאָ־
דערנדיגע האַלטונג; ווי אַן אַלטער רעוואָלוציאָנער האָט ער
אונטערגעגראָבען אַלע אָנגענומענע געזעלשאַפטליכע זיטען
און מלוכה־געזעצען. אָטאָ פלעגט הערען אַ דערשראָקענער
און אַן ענטציקטער: קליינמוטיג פלעגט ער פּרובירען מסכּים
זיין דערמיט, אבער דערביי פלעגט ער זיך גוט אַרומקוקען,
צי קען וועך עס איז זיך ניט איינהערען.

קריסטאָף פלעגט קיינמאָל ניט דורכלאָזען אַ געלעגענ־
הייט אויף זייערע שפּאַצירען אַריבער צו שפּרינגען איבער
די פּאַרקאַנעם פון די פעלדער, ווי נאָר ער פלעגט זעהן אַן
אויפשריפט, אַז דאָס איז פאַרבאָטען; אָדער ער פלעגט אָפּ־
רייסען די פּרות, וואָס פלעגען אַריבערהענגען איבער די
פּאַרקאַנעם פון פּריוואַט הייזער. אָטאָ פלעגט זיין אין טויט־
ציטערניש, מען זאָל זיי ניט כאַפּען; אבער אַזוינע אויפרע־
גונגען האָבען פאַר איהם געהאַט אַ באַזונדערן חן; און ווען ער
פלעגט קומען אין אָוונט צוריק אַהיים, פלעגט ער זיך האַל־
טען פאַר אַ גאַנצען העלד. ער האָט באַוואונדערט קריסטאָף׳ן
פול פון אַ געהיימען שרעק. זיין אינסטינקט פון געהאָרכ־
זאַמקייט האָט געפונען באַפרידיגונג אין אַ פריינדשאַפט,
וואו ער האָט געדאַרפט זיך נאָר אונטערגעבען אונטער דעם
ווילען פון אַ צווייטען. קיינמאָל האָט קריסטאָף איהם ניט
פאַרשאַפט די טרחה צו דאַרפען באַשליסען די קלענסטע זאַך.
ער אַליין פלעגט אַלץ שוין באַשליסען, פלעגט באַשטימען,

וואָס מען דאַרף דעם טאָג טאָן, זאָגאַר דאָס וואָס מען דאַרף אָנהויבען אין לעבען, מאַכענדיג פּלענער פאַר זיין אייגענע צוקונפט און פאַר אָטאָ׳ס, און ניט דערלאָזענדיג קיינע וכוחים וועגען דעם. אָטאָ פלעגט מסכים זיין, אָפּטמאָל אביסעל בייז, ווען ער פלעגט הערען, ווי קריסטאָף בעל־הבית׳עוועט איבער זיין פאַרמעגען צו בויען שפּעטער א טעאַטער לויט זיין גוסט. אָבער ער פלעגט ניט פּראָטעסטירען, זייענדיג איינגעשראָקען דורך דעם הערשער־טאָן פון זיין פריינד; און סוף כל סוף האָט ער זיך געפיהלט איבערצייגט, אז קיין בעסערן געברויך וואָלט מען ניט געקאָנט געפינען פאַר דאָס געלט, וואָס דער הער קאָמערצעגראַט אָטאָ דיענער האָט אָנגעזאַמעלט. קריסטאָף׳ן איז אפילו א מינוט ניט געקומען אויפ׳ן זינען, אז ער פאַרגעוואַלטיגט אָטאָ׳ס ווילען. ער איז בטבע געווען א דעספּאָט און האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלען, אז זיין פריינד זאָל וועלען עפּעס וואָס אנדערש ווי ער: וואָלט אָטאָ ארויסגעזאָגט עפּעס א פאַרלאַנג, דאַמאָלט, וואָלט ער אפילו זיך ניט פאַרטראַכט מקריב צו זיין פאַר איהם זיינע פּערזענליכע פאַרלאַנגען. ער וואָלט פאַר איהם פיעל מעהר מקריב געווען. ער האָט געברענט מיט דעם וואונש זיך צו וואַרפען אין א געפאַהר צוליעב איהם. ער האָט געגאַרט אויף א געלעגענהייט צו שטעלען זיין פריינדשאַפט אויף פּראָבע. אויף זייער שפּאַצירען האָט ער שטענדיג געהאָפט, אז עס וועט זיך מאַכען עפּעס א פּאַסירונג, וואו ער וועט עס קענען באווייזען. ער וואָלט מיט גרויס שמחה געשטאָרבען פאַר אָטאָ׳ן. וואַרטענדיג אויף דעם, פלעגט ער איהם אָפּהיטען מיט זאָרג און ליעבע; ביי שלעכטע וועגען, פלעגט ער איהם דערלאַנגען די האַנט, ווי צו א קליין מיידעל; פלעגט זיך דאגה׳נען: טאָמער ווערט ער פאַרמאַטערט, טאָמער וועט איהם

זיין צו הייס, אָדער צו קאַלט; ער פלעגט אויסטאָן זיין מאַנ־טעל און עס ארויף וואַרפען זיין פריינד אויף די פּלייצעס, ווען זיי פלעגען זיך אוועקזעצען אונטער א בוים; ווען זיי פלע־גען געהן, פלעגט ער איהם אונטערטראָגען דעם מאַנטעל; ער וואָלט איהם אליין אויך געטראָגען. ווי א פארליעבטער פלעגט ער פון איהם אן אויג ניט אראָפּלאָזען. און דעם אמת זאָגענדיג, איז ער טאַקי געווען פארליעבט.

ער האָט עס ניט געוואוסט; ער האָט דאָך אפילו קיין שום ידיעה ניט געהאט, וואָס ליעבע איז אזוינס. אבער אין געוויסע מאָמענטען, ווען זיי זיינען געווען אליין, פלעגט איהם באפאלען א זאָנדערבארע אונרוהיגקייט. דיזעלבע, וואָס האָט אין דעם ערשטען טאָג פון זייער פריינדשאפט אין סאָסנע וואַלד איהם צוזאמענגעדריקט דאָס הארץ; הייסע כוואַליעס פלעגען איהם א שלאָג טאָן אין פנים און עס באדעקען מיט א רויטקייט. ער האָט מורא געהאט. אינסטינקטיוו פלעגעןביידע קינדער דאמאָלט זיך דערווייטערן איינער פון אנדערן, לויפען איינער פון אנדערן, ביים שפּאציר אָפּשטעהן, אָדער פארלויפען דעם וועג פאראויס; זיך מאכען, ווי זיי וואָלטען געווען שטאַרק פארנומען זוכענדיג יאגדעס אין די קוסטעס; זיי האָבען ניט געוואוסט, וואָס עס מאכט זיי אונרוהיג.

באזונדערס פלעגען זייערע געפיהלען זיך צואווארעמען, אין די בריעף. דאָ זיינען זיי ניט געווען אין געפאהר צו ווערן אָפּגעלייקענט דורך די פאקטען; קיין זאך האָט ניט געקאָנט צוריקהאלטען אָדער איינשרעקען זייער פאנטאַזיע. זיי פלע־גען זיך איצט דורכשרייבען צוויי־דריי מאָל א וואָך אין א ליידענשאפטליך־לירישען סטיל. פון אמת'ע געשעהענישען און טעגליכע זאכען פלעגען זיי קוים ריידען. זיי פלעגען זיך מתוכה זיין איבער די שווערסטע פראגען אין א ניט־קלאָהרען

טאָן; און פלעגען אַהן אַן איבערגאַנג פון התלהבות זיך אריי־בערגליטשען אין יאוש. זיי פלעגען זיך טיטולירען: „מיין אוצר, מיין האָפנונג, מיין געליעבטער, מיין איך אליין“; זיי האָבען געמאַכט אַן אונגעוועהנליך רייכען געברויך פון וואָרט „נשמה“; מיט טראַגישע פאַרבען פלעגען זיי מאָלען זייער אונגליקליכען מזל; און האָבען געיאָמערט איבער דעם, וואָס זיי קומט אויס צו פאַרביטערן דעם פריינד׳ס לעבען מיט די צרות פון אייגענעם שיקזאַל.

„איך ערגער זיך אויף דיר“ — האָט קריסטאָף געשריבען — „וואָס דו בעאונרוהיגסט זיך וועגען מיר. איך קאָן ניט אריבערטראָגען, וואָס דו ליידעסט צוליעב מיר. דו דאַרפסט עס ניט טאָן. איך וויל עס ניט. (ער האָט אונטערגעשטראָכען די ווערטער מיט אַ שטריך פון פעדער, וואָס האָט דאָס פּאַפּיער צוריסען) פון וואַנענט זאָל איך נעהמען דעם כח צו לעבען, ווען דו ליידעסט? מיין איינציגער גליק ליגט אין דיר! אַ, זיי גליקליך! אַלדעם בייז וועל איך מיט פרייד אויף זיך ארויפנעהמען! טראַכט וועגען מיך! ליעב מיך! איך האָב אַ געוואַלטיגען באדאַרף אין ליעבע. פון דיין ליעבע שטראָמט אויף מיר מיט אַ וואַרימקייט, וואָס שיינקט מיר דאָס לעבען. ווען דו וואָלסט נאָר וויסען, ווי איך ציטער פאַר קעלט. אין מיין האַרץ איז ווינטער און אַ שניידענדיגער ווינט: איך נעהם ארום דיין נשמה“.

„מיין געדאַנקען קושט דיינעם“ — האָט אָטאָ געענטפערט.

„איך נעהם דיין קאָפּ אין מיינע הענט“ — האָט קריסטאָף געענטפערט — „און וואָס איך האָב קיינמאָל ניט געטאָן, און וואָס מיינע ליפּען וועלען קיינמאָל ניט טאָן, טו איך

מיט מיין גאַנצן וועזן: און פאַרשטעהסטו וואָס דאָס מיינט?"

אַטאַ האָט זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט צווייפלען.

„צי ליעבסטו מיך אזוי ווי איך ליעב דיך?"

„אָ, גאָט" — האָט קריסטאָף געשריבן — „ניט אזוי, נאָר צעהן, הונדערט, טויזענט מאָל מעהר! ווי? צי דען פיהלסטו עס ניט? וואָס זאָל איך טאָן, כדי דיין הארץ צו דיהרען?"

„ווי שעהן איז אונזער פריינדשאַפט" — האָט אַטאַ געזיפצט — „צי איז אין דער היסטאָריע ווען עס איז געווען אזא פריינדשאַפט? זי איז זיס און פריש ווי א חלום. זאָל זי נאָר קיין מאָל ניט אויפהערען. אויב דו וועסט אויפהערען מיך ליעבען!"...

„ווי נאַריש דו ביזט, מיין געליעבטער" — האָט קריסטאָף געענטפערט. „זיי מיר מוחל, אבער דיין שרעק מאַכט מיך אויסער זיך. ווי אזוי קענסטו נאָר פרעגען, צי איך קען אויפהערען דיך צו ליעבען! לעבען הייסט פאַר מיר, דיך ליעבען. דער טוידט קען גאָר ניט טאָן געגען מיין ליעבע. דו אליין וואָלסט גאָר ניט געקענט אויפטאָן, אויב דו וואָלסט איהר געוואָלט צושטערען. ווען דו וואָלסט אפילו מיך פאַראַטען; ווען דו וואָלסט אפילו מיר דאָס הארץ צורייסען, וואָלט איך שטאַרבענדיג געבענשט די ליעבע, וואָס דו האָסט אין מיר אַרויסגערופען. הער דאָך אויף, איין מאָל פאַר אַלע מאָל זיך צו מאַטערן, און מיך צו בעאונרוהיגען מיט דיין מוטלאָזען שרעק".

אבער איין א וואָך אַרום האָט ער געשריבען: „איצט זיינען פאַרביי דריי גאַנצע טעג, און איך הער ניט קיין איינציג וואָרט פון דיין מויל. איך ציטער: פיליייכט האָסטו מיך

פאַרגעסען? מיין בלוט ווערט פאַרפראַרען ביי אַזאַ געדאַנק... יאָ, עס איז קיין שום ספק ניט... אין די לעצטע צייט האָב איך שוין געמערקט דיין קאַלטקייט צו מיר. דו האָסט מיך מעהר ניט ליעב. דו טראַכסט וועגען דעם, מיך צו פאַרלאָזען!... הער זיך צו! אויב דו וועסט מיך פאַרגעסען, אויב דו וועסט מיך ווען עס איז פאַראַטען, וועל איך דיך דער'הרג'ענען, ווי אַ הונט!"

„דו קריינקסט מיך, מיין טייער האַרץ" — האָט אַטאַ געקרעכצט — „דו רייסט ביי מיר אַרויס טרעהרען. דאָס פאַרדיען איך באמת ניט. אָבער דו קענסט זיך אַלץ ערלויבען. דו האָסט אַזוי פיעל רעכט אויף מיר, אַז ווען דו זאָלסט אפילו מיר צוברעכען די נשמה, וועט אַ פונק אַלץ נאָך לעבען, כדי דיך צו ליעבען."

„הימלישע כחות!" — האָט קריסטאָף געשריען — „איך האָב געמאַכט מיין פריינד צום וויינען! זידעל מיך! שלאָג מיך! טרעט מיך מיט די פיס. איך בין אַ שופט! איך פאַרדיען דיין ליעבע ניט!"

זיי האָבען געהאַט באַזונדערע אופנים ווי צו שרייבען די אַדרעסען אויף די בריעף און אַרויפצוקלעפען די מאַרקע פאַרקעהרט, קרום, אונטען, אויף'ן רעכטען ברעג פון קאָנווערט, כדי אָפּצוזונדערן זייערע בריעף פון די, וואָס זיי שרייבען צו גלייכגילטיגע מענשען. אָט די קינדערשע סודות האָבען פאַר זיי געהאַט דעם חן פון זיסע ליעבעס־סודות.

איינמאָל, געהענדיג צוריק פון א שטונדע, האָט קריס־טאָף באַמערקט אין א שכנות'דיגע געסעל אַטאַ'ן אין דער געזעלשאַפט פון א אינגעל אין זיינע יאָהרען. זיי האָבען גע־לאַכט און געפּלוידערט גאַנץ פריינדליך. קריסטאָף איז בלאַס געוואָרען, און האָט זיי נאַכגעקוקט מיט די אויגען, ביז זיי זיינען פארשוואונדען אין עק גאַס. זיי האָבען איהם גאָר ניט געזעהן. ער איז אוועק אהיים. עס איז געווען ווי א וואָלקען וואָלט פאַרצויגען די זון, אַלץ איז פינסטער געוואָרען.

ווען זיי האָבען זיך פון דאַס ניי געטראָפען קומענדיגען זונטאָג, האָט קריסטאָף תחלת ניט גערעדט קיין וואָרט. דאַך, נאָכדעם ווי זיי האָבען א האַלבע שעה זיך דורכשפּאַצירט, האָט ער א זאָג געטאָן מיט א פאַרשטיקטער שטים:

— „איך האָב דיך געזעהן מיטוואָך אויף דער קרייץ גאַס"...

„אזוי!" האָט אַטאַ געזאָגט.

און ער איז רויט געוואָרען.

קריסטאָף האָט ווייטער גערעדט:

— „דו ביזט ניט געווען אַליין".

„ניין" — האָט אַטאַ געזאָגט — „איך בין געווען נאָך מיט אימיצען."

קריסטאָף האָט זיך געוואָרגען פון אויפרעגונג, און ער האָט געפרעגט אין א בלומרשט גלייכגילטיגען טאָן:

— „ווער איז עס געווען?"

„מיין שוועסטערקינד פראַנץ".

„אך!“ האָט קריסטאָף געזאָגט.

און אין א מינוט ארום:

— „דו האָסט מיר קיין מאָל פריהער פון איהם ניט דערצעהלט“.

„ער וואָהנט אין ריינבאָך“.

— זעהסטו איהם אָפט?“

„ער קומט אמאָל אהער.“

— און דו, געהסטו אויך צו איהם?“

“אמאָל“.

— „אך!“ האָט קריסטאָף איבערגע'חזר'ט.

אָטאָ, וועמען עס וואָלט מעהר ניחא געווען אריבערצו־פיהרען דעם געשפּרעך אויף אַנאַנדער זאך, האָט אויפמערק־זאם געמאַכט אויף א פויגעל, וואָס האָט מיט'ן שנאָבעל גע־האקט אין א בוים. זיי האָבען גערעדט וועגען אנדערע זאכען. אין צעהן מינוט ארום האָט קריסטאָף פּלוצלונג ווידער אָנ־געהויבען:

— „ביזטו עפּעס נאָהענט מיט איהם?“

„מיט וועמען?“ האָט אָטאָ געפרעגט.

(ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט מיט וועמען).

— „מיט דיין שוועסטערקינד“.

„יא. פאר וואָס?“

— „סתם אזוי.“

אָטאָ האָט ניט שטארק האָלט געהאט זיין שוועסטער־קינד, וואָס פלעגט איהם דערעסען מיט זיינע שלעכטע שפּאַ־סען. אבער א זאָנדערבארער בייזהאפטער אינסטינקט האָט איהם געטריבען צוצולייגען אין א פאר מינוט ארום:

„ער איז זעהר ליעבענסווירדיג.“

— „ווער?“ האָט קריסטאָף געפרעגט.

(ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט ווער).

**„פּראַנץ".**

אָטאָ האָט ערוואַרט פון קריסטאָפ'ן עפּעס א באַמער־קונג. אַבער יענער האָט ווי גאָר ניט געהערט. ער האָט גע־שניטען א רוט פון א נוסבוים.

אָטאָ האָט ווידער אָנגעהויבען:

„ער איז זעהר אינטערעסאַנט, ער האָט שטענדיג מעשות."

קריסטאָף האָט געפּייפט גלייכגילטיג.

אָטאָ האָט זיך אליין איבערגעשטיעגען.

„און ער איז אזוי קלוג... און גוט ערצויגען!"...

קריסטאָף האָט א הייב געטאָן מיט'ן פּלייצע, ווי ער וואָלט זאָגען:

— „וואָס קען דער מענש מיך אינטערעסירען?"

און, ווען אָטאָ, אן אויפגערעגטער, האָט זיך געקליבען ווייטער ריידען, האָט ער איהם גראָב איבערגעהאַקט די רייד און אָנגעוויזען א ציעל, וואוהין צו לויפען.

זיי האָבען די טעמא מעהר ניט באַריהרט דעם גאַנצען נאָכמיטאָג; אַבער זיי האָבען איינער דעם אַנדערען באַהאַנ־דעלט מיט א קאַלטקייט, כאָטש זיי האָבען זיך געפּלייסט אַרויסצואַווייזען אן איבערטריבענע העפליכקייט, צו וואָס, זיי זיינען ניט געוואָהנט געווען, באַזונדערס פון קריסטאָף'ס זייט. איהם זיינען די ווערטער געבליבען שטעקען אין האַלז. צום סוף האָט ער עס מעהר ניט אויסגעהאַלטען; און אין מיטען וועג האָט ער זיך אומגעקעהרט צו אָטאָ'ן, וואָס איז געגאַנגען א טריט פינף הינטער איהם, אָנגעכאַפּט איהם פאַר די הענט מיט אן אימפּעט און אַרויסגעפּלאַצט:

— „הער, אָטאָ! איך וויל, איך וויל ניט, אז דו זאָלסט

ויין אזוי נאָהענט מיט פראַנץ'ן... ווייל דו ביזט מיין פריינד; און איך וויל ניט, אז דו זאָלסט וועמען עס איז מעהר האָלט האָבען ווי מיך! איך וויל עס ניט! קוק! דו ביזט פאר מיר אַלץ... דו קענסט ניט... דו דארפסט ניט... אויב איך וואָלט דיר ניט געהאט, וואָלט מיר קיין זאך ניט געבליבען ווי נאָר צו שטארבען. איך וויים ניט, וואָס איך וואָלט געטאָן, איך וואָלט זיך גענומען דעם לעבען. איך וואָלט דיר דער'הרג'עט. ניין, זיי מיר מוחל!"

טרעהרען האָבען זיך געגאָסען פון זיינע אויגען.

אָטאָ, געריהרט און דערשראָקען פון דער אויפריכטיג־קייט פון א שמערץ, וואָס האָט געסטראַשעט מיט געפאהרען, האָט זיך געאיילט צו שווערען, אז ער וועט קיינמאָל קיינעם אזוי ניט ליעבען ווי קריסטאָף'ן; אז ער איז גלייכגילטיג צו פראַנץ'ען; און אז ער וועט איהם מעהר ניט זעהן, אויב קריסטאָף וויל עס. קריסטאָף האָט געשלונגען זיינע ווערטער, און זיין הארץ האָט ווידער אויפגעלעבט. ער האָט זעהר הויך געלאַכט און שווער געאָטעמט, זיך צוגיסענדיג אין דאַנק צו אָטאָ'ן. ער האָט זיך געשעמט מיט דער סצענע, וואָס ער האָט געמאכט; אבער ער איז דאך געווען באפרייט פון א שווערער משא. איצט האָבען זיי ווידער געקוקט איינער דעם אנדערן גלייך אין די אויגען, ניט ריהרענדיג זיך פון אָרט און זיך האַלטענדיג פאר די הענט; זיי האָבען זיך געפיהלט זעהר גליקליך און ניט געוואוסט ווי זיך צו האלטען. שווייגענדיג זיינען זיי געגאנגען צוריק; נאָכהער — ווידער אָנגעהויבען ריידען און ווידער געפונען זייער פרעהליכקייט; זיי האָבען זיך געפיהלט פאראייניגט מעהר ווי ווען עס איז פריהער.

עס איז אבער ניט געווען די לעצטע סצענע פון דעם זאָרט. איצט, אז אָטאָ האָט געפיהלט זיין מאכט איבער

קריסטאָף׳ן, האָט איהם געצוויגען איהר צו מיסברויכען; ער האָט געוואוסט, וואו עס איז דער עמפפינדליכער אָרט, און ער האָט געהאט א שטענדיגען חשק דאָרט ארויפצולייגען זיין פינגער. אמת, קריסטאָף׳ס צאָרן האָט איהם קיין פארגני־גען ניט פארשאפט; פארקעהרט, ער האָט זיך שטארק גע־שראָקען פאר דעם. אבער ער האָט געפיהלט זיין כח, מאכענ־דיג קריסטאָף׳ן צו ליידען. ער איז ניט געווען קיין שלעכטער, נאָר ער האָט געהאט די נשמה פון א גאסענ־פרוי.

ניט קוקענדיג אויף זיינע פארשפרעכונגען, פלעגט ער זיך באווייזען, געהענדיג ארומגענומען מיט פראנץ׳ן, אָדער מיט אן אנדער חבר. זיי אלע פלעגען מאכען גרוים גערויש און לאכען זעהר הויך. ווען קריסטאָף פלעגט איהם מאכען פאָרווירפע, פלעגט ער אונטערשמייכלען, און זיך פארשטעלען, ווי ער נעהמט עס ניט ערנסט, ביז ער פלעגט דערזעהן, ווי קריסטאָף׳ס אויגען באקומען אן אנדער פארב, און זיינע לי־פען הויבען אָן צו ציטערן; דאמאָלט פלעגט איהם באפאַ־לען א שרעק; ער פלעגט ענדערן דעם טאָן, און פארשפרעכען מעהר אזוינס ניט צו טאָן. אבער גלייך אויף מארגען פלעגט ער דעם שפיעל אָנהויבען פון דאָס ניי. קריסטאָף פלעגט איהם שרייבען בריעף, וואָס האָבען געברענט מיט צאָרן, און וואו ער האָט איהם אָנגערופען:

„שופט! איך וויל מעהר פון דיר ניט הערען! איך קען דיך מעהר ניט! דער טייפעל זאָל דיך כאפּען מיט אלע הינט פון דיין זאָרט!“

אָבער עס איז געווען גענוג, אז אָטאָ זאָל ארויסריידען א וויינענדיגען וואָרט, אָדער, ווי ער האָט עס איין מאָל גע־טאָן, ער זאָל איהם שענקען א בלום אלס צייכען פון אייביגער

טרייקייט, און קריסטאָף זאָל זיך צושמעלצען אין חרטה און שרייבען:

— „מיין מלאך! איך בין א נאַר. פאַרגעס מיין נאַרישקייט. דו ביזט דער בעסטער פון אלע מענשען. דיין קליינער פינגערל אליין איז מעהר ווערט ווי דער גאַנצער נאַרישער זשאַן־קריסטאָף. דו טראָגסט אין זיך אוצרות פון נאָבעלע און דעליקאַטע צערטליכקייט. איך קוש דיין בלום מיט טרעהרען. זי רוהט אויף מיין הארצען. איך קוועטש איהר אריין אין מיין הויט; איך וואָלט וועלען, זי זאָל מיר שטעכען ביז בלוט, כדי איך זאָל טיעפער פיהלען דיין איידעלע גוטסקייט און מיין שענדליכע נאַרישקייט!“...

פונדעסטוועגען האָבען זיי אָנגעהויבען איינער דעם אַנדערן צו דערעסען. עס איז ליגען, ווען מען זאָגט, אז קליינע רייסערייען האלטען אונטער די פריינדשאפט. קריסטאָף האָט געטראָגען א כעס אויף אָטאָ'ן פאר די עולות, וואָס ער פלעגט באגעהן צוליעב אָטאָ'ס שולד. ער האָט געזוכט זיך אליין פאַרצואיוארפען, באשולדיגענדיג זיין איגענעם דעספאָטיזם. זיין טרייע און ליידענשאפטליכע נאַטור, וואָס האָט צום ערשטען מאָל דורכגעמאכט די פראבע פון ליעבע, האָט זיך אינגאנצען איבערגעגעבען, און האָט פארלאנגט, אז אויך דער אנדערער צד זאָל זיין אזוי איבערגעבען. ער האָט אין פריינדשאפט ניט דערלאָזען קיין טיילונג. זייענדיג אליין גערייט זיך מקריב צו זיין פאר'ן פריינד, האָט ער געפונען פאר גערעכט און זאָגאר פאר נויטיג, אז דער פריינד זאָל אויך פאר איהם מקריב זיין אלץ, זאגאַר זיך אליין. אבער ער האָט אָנגעהויבען צו פיהלען, אז די וועלט איז ניט געבויט נאָך דעם מוסטער פון זיין פעסטען כאראקטער, און אז ער פערלאנגט פון זאכען, וואָס זיי קענען ניט געבען. דאַ־

מאלט האט ער אנגעהויבען זיך אליין אונטערצוגעבען. ער האט זיך אליין גענומען באשולדיגען, זיך באהאנדלען ווי אן עגאאיסט, וואס האט קיין רעכט ניט צו פארכאפען דעם פריינד'ס געפיהלען. ער האט געמאכט אמת'ע אנשטרענגונגען איהם צו לאזען אין גאנצען פריי, עס מעג איהם קאסטען וואס עס וויל. ער האט זיך זאגאר אויף אזוי ווייט גובר געווען, אוים געפיהל פון הכנעה, צוצוריידען אטא'ן, ער זאל ניט פארנאכלעסיגען פראנץ'ן. ער האט זיך באמיהט אליין זיך איינצוריידען, אז איהם איז ניחא, וואס אטא האט פארגניגען אין אנדערע געזעלשאפטען. דאך, ווען אטא, וועלכער האט בשום אופן זיך ניט געלאזט נארען דערפון, פלעגט בייזוויליג פאלגען זיין עצה, פלעגט ער מאכען א זויערע מינע און פלוצלונג ווידער ארויספלאצען.

אין א נויטפאל, וואלט ער אטא'ן שוין מוחל געווען, וואס ער האט פארגעצויגען אנדערע בעסער ווי איהם; אבער, וואס ער האט ניט געקאנט פארטראגען, איז געווען זיין ליגען זאגען. אטא איז ניט געווען קיין פאלשער און ניט קיין צבועק; אבער עס איז איהם בטבע געווען שווער צו זאגען דעם אמת, ווי עס איז שווער א שטאמלער ארויסצוריידען דייטליכע ווערטער! דאס וואס ער פלעגט זאגען, איז ניט געווען אינגאנצען אמת און ניט אין גאנצען פאלש; צי עס איז געווען פון זיי שעמעדיגקייט, אדער פון זיין ניט זיכערקייט מיט די אייגענע געפיהלען, ער האט זעלטען ווען גערעדט אין א קלאהרען אופן; זיינע ענטפערס זיינען געווען צווייידייטיג; און, ועל כולם, האט ער האלט געהאט פון אלץ צו מאכען א סוד און שפיעלען אין באהעלטעניש, און דאס פלעגט קריסטאף'ן ארויסברייגגען אין גאנצען פון די כלים. ווען מען פלעגט איהם כאפען ביי א חטא, אדער ביי עפעס

אזוינס, וואָס איז אויסגעקומען ווי א חטא, לויט די געזעצען פון זייער פריינדשאפט — פלעגט ער לייקענען שטיין און ביין, אנשטאָט זיך מודה צו זיין. איינמאָל איז קריסטאָף אזוי אויפגעבראכט געוואָרען צוליעב דעם, אז ער האָט איהם אראָפגעלאָזען א פאטש. ער האָט געמיינט, אז דאָס איז שוין דער סוף פון זייער פריינדשאפט, און אז אָטאָ וועט איהם קיינמאָל ניט מוחל זיין. אבער נאָכדעם ווי יענער האָט א פאר שעה זיך געבלאָזען, איז ער געקומען צו איהם ווי גאָר ניט געוועזן. ער האָט קיין כעס ניט געטראָגען פאר קריסטאָף'ס בויאָנסטוואָ. אפשר איז עס איהם זאָגאר ניט געוועזן צוואווידער, און ער האָט אין דעם געפונען א געוויסען חן. וואָס עס פלעגט איהם פארדריסען, איז געוועזן, וואָס קריסטאָף הערט אוים אלע זיינע באבע מעשות מיט אַן אָפּענעם מויל; ער האָט דערפאר איהם אביסעל מבזה געוועזן ביי זיך אין הארצען, און זיך געהאלטען העכער פאר איהם. קריסטאָף'ן פון זיין זייט האָט פארדראָסען, וואָס יענער נעהמט אַן זיינע גראבקייטען, זיך ניט שטעלענדיג אנטקעגען.

זיי האָבען מעהר ניט געקוקט איינער אויפ'ן אנדערן מיט די אויגען פון די ערשטע טעג. זייערע ביידענס פעהלערן האָבען זיך איצט ארויסגעוויזען אין פולער ליכט. אָטאָ האָט גענומען געפינען ווענינער חן אין קריסטאָף'ס אונאָפּהענגיגקייט. קריסטאָף איז געוועזן זעהר א פערמאטערנדער באגלייטער אויף די שפּאַצירגענג. עס האָט איהם א האר ניט געקימערט וועגען דעם, וואָס עס איז פאסיג. ער פלעגט זיך מאכען באקוועם, פלעגט אויסטאָן דעם ראָק, פארנאנדערשפּילענען די וועסט, לאָזען דעם קאָלנער אָפען, פלעגט פארקאשערן די ארבעל פון העמד, אויפהייגגען די הוט אויף זיין שטאָק און דרעהען עס אין דער לופטען. ער פלעגט שאָק־

לען מיט די הענט ביים גערן, פייפען און זינגען הויך אױפ׳ן קול; ער פלעגט ווערן רויט, באדעקט מיט שוויים און באַ־שטויבט; ער האָט אויסגעזעהן, ווי א פויער, וואָס קומט צו־ריק פון יריד. דער אריסטאָקראטישער אָטאָ איז געווען אין טויטשרעק, אז מען זאָל איהם ניט טרעפען אין זיין חברותא. ווען ער פלעגט דערזעהן א וואָגען אויפ׳ן וועג, פלעגט ער זוכען צו בלייבען א צעהן טריט פון הינטען, ווי ער וואָלט אליין שפּאצירט.

קריסטאָף איז פאַר איהם געווען ניט ווייניגער אונבאַ־קוועם, ווען ער פלעגט זיך אוועקלאָזען ריידען אין א רעס־טאָראן, אָדער אין וואַגאָן ביים פאָהרען אהיים. ער האָט האָלט געהאט צו ריידען אויפ׳ן קול, און אַרויסצוזאָגען אלץ, וואָס איהם פלעגט אריינפאלען אין קאָפּ. ער פלעגט באהאנד־לען אָטאָ׳ן מיט א סקאנדאַלעזער מחותנ׳שאפט; ער פלעגט הויך אַרויסזאָגען מיינונגען, וואָס האָבען קיין שום פריינד־ליכקייט ניט געהאט ווענגען די חשוב׳סטע פערזאָנען, ווענגען דעם אויסזעהן פון די לייט, וואָס זיינען געזעסען גאַנץ נאָ־הענט צו איהם; אָדער ער פלעגט זיך אריינלאָזען אין איינ־צעלהייטען מכח זיין געזונטהייט און זיין פאמיליען־לעבען. אָטאָ האָט געמענגט אויסשטארצען די אויגען און מאכען ציי־כענס פון שרעק, ווי פיעל ער האָט געוואָלט; קריסטאָף פלעגט זיי, ווי גאָר ניט באמערקען, און זיך ניט איינהאל־טען מעהר, ווי ווען ער וואָלט געווען אינגאַנצען אליין. אָטאָ פלעגט זעהן, ווי דער שמייכעל ליגט ביי די שכנים אויף די פנימ׳ער; און ער פלעגט פיהלען ווי זיך צו באגראָבען טיעף אין דר׳ערד. ער האָט געפונען אז קריסטאָף איז גראָב, און האָט ניט פארשטאַנען, ווי אזוי האָט ער עס געקאָנט קומען אין התפעלות פון איהם.

דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס קריסטאָף פלעגט זיך פונקט אזוי וויניג קימערן אויף וועגען אלערליי צאַמען, ווי פּאַרקאַנעס, וועגט, איינטריטס־פּאַרבאָטען, געלט־שטראַפען, פּ א ר ב אָ ט ע ן פון כל המינים, וואָס האָבען געזאָלט באַ־שרייענקען זיין פרייהייט, כדי צו שיצען דאָס היילינע איי־גענטום. אָטאָ האָט געלעבט אין שטענדיגען שרעק, און זיינע פּראָטעסטען האָבען גאָר ניט געהאָלפען: קריסטאָף פלעגט פון להכעיס וועגען נאָך ערגערס אָפּטאָן.

איין מאָל, ווען קריסטאָף האָט ארומשפּאַצירט ווי ביי זיך אין דער היים, און אָטאָ האָט זיך נאָכגעשלעפּט הינטער איהם, אין א פרעמדען וועלדעל, וועמעס מויערן ער איז אריבערגעקלעטערט, ניט קוקענדיג אויף דעם, — אָדער דוקא ווייל, — זיי זיינען געווען פארלעגט מיט שטיקער גלאָז פון פלעשער, האָט ער זיך פלוצלונג אָנגעשטויסען אויף דעם וועכטער; יענער האָט פריהער זיך ארויפגעוואָרפען אויף זיי מיט זידלערייען, און נאָכדעם ווי ער האָט זיי געסטראַשעט צו פאר׳מסר׳ן דער פּאָליציי, האָט ער זיי אויפ׳ן שענדליכס־טען אופן ארויסגעוואָרפען. אָטאָ האָט גאָר ניט געשיינט ביי דער געלעגענהייט: מיינענדיג, אז מען פארזעצט איהם שוין אין טורמע, האָט ער געיאָמערט, און פארזיכערט נאַריש, אז ער איז אריין על פי טעות: ער איז נאָכגעגאַנגען קריס־טאָף׳ן, ניט וויסענדיג, וואוהין ער געהט. ווען ער האָט דער־זעהן, אז ער איז א געראַטעוועטער, האָט ער, אנשטאָט זיך צו פרעהען, זיך ארויפגעוואָרפען אויף זיין חבר מיט ביטערע פאַרווירפע; ער האָט זיך באַקלאָגט, אז קריסטאָף קאָמפּראָ־מיטירט איהם. קריסטאָף האָט איהם צושמעטערט מיט זיין בליק, און איהם אָנגערופען: „טרום!" זיי האָבען זיך דורכ־געוואָרפען מיט קרעפטיגע ווערטער. אָטאָ וואָלט קריסטאָף׳ן

פּשוט געלאָזען שטעהן אַליין, אויב ער וואָלט געוואוסט, ווי צו קומען אַליין אַהיים; איצט איז ער געווען געצוואונגען איהם נאָכצוגעהן, נאָר זיי האָבען זיך געמאַכט ווי זיי וואָל־טען גאָר קיין מגע־ומשא ניט האָבען איינער מיט'ן אַנדערן.

א רעגען־שטורם האָט זיך געקליבען. פון כעס האָבען זיי ניט באַמערקט, ווי ער קומט. דאָס ברענענדיגע לאַנד האָט געברויזט מיט דעם גערויש פון די חיה'לאַך. פּלוצלונג איז אַלץ אַנטשוויגען געוואָרען. זיי האָבען באַמערקט די שטיל־קייט ערשט אין עטליכע מינוטען אַרום: עס האָט זיי גע־קלונגען אין די אויערן. זיי האָבען אויפגעהויבען די אויגען: דער הימעל איז געווען שוואַרץ; ריעזיגע, שווערע רעגען־וואָלקענס האָבען איהם באַדעקט; זיי זיינען געקומען פון צוויי זייטען, ווי א מחנה רייטער. עס האָט אויסגעוויזען, ווי עס וואָלט זיי אַלעמען טרייבען צו איין געהיימניספולען תהום. דער דערשראָקענער אַטאַ האָט ניט געוואַגט זיך מודה צו זיין פאַר קריסטאָף'ן, ווי שטאַרק ער שרעקט זיך. און יענער האָט געהאַט א בייזען פאַרגניגען זיך צו מאַכען ניט באַמערקענדיג עס. פונדעסטוועגען זיינען זיי צוגעגאַנגען נאָהענטער איינער צום אַנדערן, כאָטש זיי האָבען ניט גע־רעדט. זיי זיינען געווען אַליין אויף דעם ווייטען שטח לאַנד. קיין איין לופט־הויך. קוים א פיבערישער ציטער, וואָס האָט פאַר א מינוט געמאַכט די קליינע בלעטער פון די בוימער זיך ריהרען. פּלוצלונג האָט א שטורמווינט אויפגעהויבען דעם שטויב, איינגעבויגען די בוימער און זיי גענומען פירכטערליך שמייסען. און ווידער אַמאָל האָט די שטילקייט זיך אַראָפּ־געלאָזען, נאָך פינסטערער ווי פריהער. אַטאַ, מיט א ציטערנדיגער שטים, האָט זיך באַשלאָסען אָנצוהויבען ריידען:

„עס איז א שטורם. מיר מוזען געהן אַהיים“:

קריסטאָף האָט געענטפערט:

— „זאָלען מיר געהן צוריק“.

אבער עס איז געווען צו שפּעט. א פאַרבלענדענד, שנייַ־דענד ליכט האָט א בליץ געטאָן, דער הימעל האָט געברילט, דער וואָלקענגעוועלב האָט געברומט. אין איין מינוט שפּעטער זיינען זיי געווען אַרומגעכאַפּט פון ציקלאָן, פאַרבלענדעט פון די בליצען, באַטויבט פון די דונערן און דורכגענעצט פון קאָפּ ביז די פיס. זיי האָבען זיך געפונען אויף א פרייען פעלד, אויף א מהלך פון מעהר ווי א האַלבע שעה גאַנג פון א הויז. דורך דעם שניידענדען רעגען, דורך די בלאַסע ליכט האָט זיך דורכגעריסען דער ריעזיגער, רויטער בליאַסק פון די בליצען. זיי האָבען געוואָלט לויפען; אבער זייערע, פון רעגען צוגעקלעפּטע, קליידער האָבען זיי געשטערט אפילו צו געהן. זייערע שיך זיינען געוואָרען גליטשיג, וואַסער האָט גערונען ביי זיי איבער'ן גאַנצען ליבּ. זיי האָבען מיט מיה געקאָנט אָפּכאַפּען דעם אָטעם. ביי אָטאָ'ן האָבען די ציינער געקלאַפּט פון קעלט. ער איז געווען ווילד פון צאָרן, און האָט קריסטאָף'ן געשליידערט באַליידיגונגען; ער האָט געוואָלט בלייבען אויף אָן אָרט, טענה'ענדיג, אז עס איז געפעהרליך צו געהן, האָט געסטראַשעט, אז ער וועט זיך אַוועקזעצען אויפ'ן מיטען וועג, אָדער, אז ער וועט זיך אַוועקלייגען צווישען די צואַקערטע פעלדער. קריסטאָף האָט ניט געענטפערט, נאָר איז געגאַנגען ווייטער זיין וועג, פאַרבלענדעט פון ווינט, רעגען און בליצען; אביסעל איבערגעשראָקען איז ער אויך געווען, נאָר ער האָט זיך געהיט זיך מודה צו זיין אין דעם.

און פּלוצלונג איז אַלץ געווען פאַרביי. דער שטורם איז פאַריבער אַזוי שנעל, ווי ער איז געקומען. אבער ביידע האָ־

בען זיך געפונען אין א קלאָגעדיגען צושטאַנד. אין אמת'ן פלעגט קריסטאָף געוועהנליך, זיין אַזוי צושויבערט, אַז אַבי־סעל מעהר אונאָרדנונג האָט איהם קוים געענדערט. אבער אַטאַ, וואָס איז אזוי שטארק געוועזן געצערטעלט, און אזא אקוראטנער אין זיין קליידונג, איז איצט געוועזן א טרויע־ריגע פיגור; עס האָט אויסגעוויזען ווי ער וואָלט, אין גאַנ־צען אַן אַנגעטאָענער, גענומען א וואַנע; און ווען קריסטאָף האָט זיך אומגעקעהרט צו איהם, האָט ער, קוקענדיג אויף איהם, זיך ניט געקאָנט איינהאלטען אום ניט ארויסצופלאַ־צען מיט א געלעכטער. אַטאָ איז געוועזן אזוי אויסגעמאטערט, אַז ער האָט אפילו ניט געפונען קיין כח זיך אויפצוקאָכען. קריסטאָף האָט אויף איהם רחמנות באקומען, און האָט פרעה־ליך גערעדט צו איהם. אַטאָ האָט געענטפערט נאָר מיט א צאָרנדיגען בליק. קריסטאָף האָט איהם אריינגעפיהרט אין א פויערשען הויף; זיי האָבען זיך אויסגעטריקענט ביי א גרויסען פייער, און האָבען געטרונקען הייסע וויין. קריסטאָף האָט געפונען, אַז די פּאסירונג איז געוועזן גאַנץ אמוזאַנט, און האָט געפּרובירט זיך לוסטיג מאכען דאריבער. אָבער דאָס איז געוועזן גאָר ניט נאָך אַטאָ'ס געשמאק, און ביז צו ענד פון שפּאציר איז ער געגאַנגען א בייזער און א שווייגענ־דיגער. ברוגז'ע זיינען זיי זיך פארנאַנדערגעגאַנגען, זיך ניט געבענדיג די הענט ביים געזעגענען זיך.

נאָך יענעם שפּאציר האָבען זיי א וואָך לאַנג זיך ניט געזעהן. זיי האָבען שטרענג פאראורטיילט איינער דעם אנ־דערן. אבער נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך אליין באשטראָפט דערמיט, וואָס זיי האָבען ביי זיך אוועקגענומען דעם זונטאג־שפּאַציר, איז זיי געוואָרען אזוי לאַנגווייליג, אַז זיי האָבען פארגעסען דעם כעס. קריסטאָף האָט, ווי געוועהנליך, גע־

מאכט דעם ערשטען אָנבאָט. אַטאַ האָט גנאָדיג עס אָנגענו־
מען, און זיי האָבען געשלאָסען פריעדען.

ניט קוקענדיג אויף די רייסערייען, איז פאַר זיי געווען
אונמעגליך אויסצוקומען איינער אָהן אַנדערן. זיי האָבען
אפילו ביידע געהאַט פעהלערן; זיינען ביידע געווען עגאָאיס־
טען; אבער דער עגאָאיזם איז געווען נאַיוו; ער האָט נאָך ניט
געוואוסט פון יענע אויפרעגונגען פון די עלטערע יאָהרען,
וואָס מאכט איהם אזוי אפשטויסענד. — ער האָט זיך אליין
נאָך ניט געקאָנט: ער איז כמעט געווען ליעבליך; יעדענ־
פאַלס האָט ער זיי ניט געשטערט איינער דעם אַנדערן עהר־
ליך צו ליעבען. זיי האָבען געהאַט אזא תשוקה צו ליעבען און
צו ברייגגען קרבנות. דער קליינער אַטאַ האָט געוויינט לי־
גענדיג אויף זיינע קישענס און זיך דערצעהלענדיג מעשות,
וואו ער איז געווען דער העלד; ער האָט אויסגעטראכט טראַ־
גישע פאַסירונגען, אין וועלכע ער זאָל זיך ארויסווייזען
שטאַרק, מוטיג, אונערשראָקען, באַשיצענדיג קריסטאָף׳ן,
וועגען וועלכען ער האָט זיך איינגערעדט, אז ער ליעבט איהם
שטאַרק. קריסטאָף פון זיין זייט פלעגט ניט קענען זעהן אָדער
אויסהערען עפּעס אַזוינס, וואָס איז שעהן און מערקוויר־
דיג, ניט צו טראַכטען: „ווען אַטאַ וואָלט דערביי געווען!“
ער האָט אריינגעמישט זיין פריינדס בילד און זיין גאַנצען
לעבען; און דאָס בילד האָט זיך אזוי געענדערט, און אָנגע־
נומען אזא ב׳חנ׳טען אויסזעהן, דאָס, ניט קוקענדיג אויף אלץ,
וואָס ער האָט געוואוסט וועגען איהם, פלעגט עס איהם פאַר־
שכור׳ן. אַטאַ׳ס געווייסע ווערטער, וועלכע ער פלעגט נאָך
לאַנג נאָכהער געדיינקען און פאַרשענערען, פלעגען איהם
מאכען ציטערען פון געריהרטקייט. זיי האָבען איינער דעם
אַנדערן געזוכט נאָכצומאכען. אַטאַ פלעגט ווי אַן אבעזיאַנע

נאָכמאַכען קריסטאָף׳ס מאַניערען, באַוועגונגען און האַנט־שריפט. אָפטמאָל פלעגט קריסטאָף שטאַרק בייז ווערן אויף זיין שאָטען, וואָס פלעגט איבער׳חזר׳ן זיין יעדעס וואָרט. און איהם מכבד זיין מיט זיינע אייגענע געדאַנקען, ווי בלומרשט נייע. אַבער ער האָט ניט געמערקט, אַז ער אַליין איז בעאיינפלוסט פון אָטאָ׳ן, און אַז ער קאָפּירט זיין שטייגער ווי זיך אָנצוטאָן, צו געהן און אויסצורייידען געוויסע ווערטער. עס איז געווען ווי אַ מין כשוף. זיי זיינען געווען אָנגעטרונקען איינער מיט׳ן אַנדערן, און זייער האַרץ האָט זיך צוגאָסען אויף אַלע זייטען ווי אַ קוואַל. יעדער פון זיי האָט זיך איינגעבילדעט, אַז דער פריינד איז די אורזאַך דערפון. זיי האָבען ניט געוואוסט, אַז דאָס איז געווען די ערוואַכונג פון זייער יוגענד.

קריסטאָף, וועלכער האָט געגען קיינעם ניט געהאַט קיין מיסטרויען, האָט געלאָזען זיינע פּאַפּירען זיך אַרומ־וואַלגערן. דאָך אַן אינסטינקטיווע שעמעדיגקייט האָט איהם געמאַכט באַהאַלטען די טשערנאָוויקעס פון די בריעף, וואָס ער פלעגט שמירען צו אָטאָ'ן און יענעמ'ס ענטפערס. ער האָט זיי אָבער ניט פאַרשלאָסען, נאָר איינפאַך אַריינגעלייגט צווישען די בלעטער פון איינעם פון זיינע נאָטען־העפטען, זייענדיג זיכער, אַז קיינער וועט זיי דאַרט ניט זוכען. ער האָט אָבער געמאַכט דעם חשבון, ניט נעהמענדיג אין אַנבע־טראַכט די רשעות פון זיינע ברידער.

די לעצטע צייט האָט ער באַמערקט, אַז זיי לאַכען און שושקענען זיך, ווען זיי קוקען אויף איהם: זיי ריידען זיך אַריין אין אויער עפּעס שטיקלעך געשפּרעכען, פון וועלכע זיי קייקלען זיך לאַכענדיג. קריסטאָף'ן האָט זיך ניט איינגעגע־בען צו כאַפּען דעם זינען פון די געשפּרעכען: אויסער דעם האָט ער שוין לאַנג זיי גענומען באַהאַנדלען אויף אַזאַ אופן, דאָס ער האָט אַרויסגעוויזען פולע גלייכגילטיגקייט צו אַלץ, וואָס זיי האָבען גערעדט אָדער געטאָן. דאָך עטליכע ווערטער האָבען אַרויסגערופען זיין אויפמערקזאַמקייט; איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער דערקענט זיי. און באַלד האָט ער מעהר שוין ניט געקאָנט צווייפלען, אַז זיינע ברידער האָבען געליי־ענט זיינע בריעף. אָבער, ווען ער איז צוגעשטאַנען צו ערנסט'ן און רודאָלף'ן, וועלכע האָבען אָנגעהויבען איינע די אַנדערע צו רופען מיט אַ שפּאַסיגער ערנסטקייט: „מיין

זיסע נשמה!", האָט ער פון זיי גאָר ניט געקאָנט אַרויסקרי־
גען. די חברה־לייט האָבן זיך געמאַכט, ווי זיי וואָלטען גאָר
נישט פאַרשטאַנען, און האָבן גע'טענה'ט, אַז זיי האָבען אַ
רעכט זיך צו רופען, ווי זיי געפעלט. און אַזוי ווי קריסטאָף
האָט געפונען אַלע זיינע בריעף אויף אַן אָרט, האָט ער מעהר
ניט געוואָלט נאָכפאָרשען.

אין אַ קורצע צייט אַרום האָט ער געכאַפּט ערנסט'ן
ביי דער האַנט ביי אַ גנבה: דער קליינער אויסוואורף האָט
אַרומגעשאַרט אין דעם טישקעסטעל, וואו לואיזע האָט גע־
האַלטען איהר געלט. קריסטאָף האָט איהם גראָב גענומען
טרייסלען, און באַנוצט די געלעגענהייט איהם אַרויסצוזאָגען
אַלץ, וואָס איז איהם געלעגען אויפ'ן האַרצען; ער האָט איהם
אויסגערעכענט אין אויסדרוקען, וואָס זיינען געווען ווייט
פון העפליכע, אַלע זיינע שעהנע מעשים; און דער צעטעל
איז ניט געווען קיין קורצער.

ערנסט האָט די מוסר זעהר שלעכט אויפגענומען; ער
האָט חוצפה'דיג געענטפערט, אַז קריסטאָף האָט ניט, וואָס
איהם פאַרצוואַרפען, און אַרויסגעזאָגט דערביי אַ פּאָר
צווייזייטיגע באַמערקונגען וועגען זיין ביי־יערס פריינדשאַפט
צו אָטאָ'ן. קריסטאָף האָט עס ניט פאַרשטאַנען. אָבער הערענ־
דיג, אַז מען מישט אריין אָטאָ'ן אין זייער קריעג, האָט ער
ערנסט'ן באַפוילען דייטליכער זיך צו ערקלעהרען. דער קליי־
נער האָט געלאַכט אין זיך; דאָך דערזעהענדיג, ווי קריס־
טאָף איז בלייך געוואָרען פון כעס, האָט ער זיך דערשראָקען
און מעהר ניט געוואָלט ריידען. קריסטאָף האָט געזעהן, אַז
אַזוי וועט ער מעהר גאָר ניט אַרויסקריגען; ער האָט זיך
אוועקגעזעצט, קוועטשענדיג מיט די פּלייצעס, און אַרויס־
ווייזענדיג פולע פאַראַכטונג צו ערנסט'ן. יענער, אַז אויפגע־

רייצטער, האָט ווידער אָנגעהויבען זיינע אונפארשעמטקיי־
טען: ער האָט זיך פאָרגענומען דעם ברודער צו קריינקען,
און האָט איהם אוועקגעלעגט א מענה־לשון איבער זאכען
איינע שווידערליכער און העסליכער ווי די אַנדערע. קריסטאָף
האָט זיך אָנגעטאָן א כח, ניט ארויסצופלאצען. אבער ווען
ער האָט ענדליך פארשטאַנען, איז ער רויט געוואָרען, און איז
אויפגעשפרונגען פון שטוהל. ערנסט האָט מעהר קיין צייט
ניט געהאט צו שרייען, ווארום קריסטאָף האָט זיך אויף איהם
ארויפגעוואָרפען, איהם אַנידערגעוואָרפען אין מיטען צימער,
צודריקענדיג דעם קאָפּ צו דער ערד.

אויף דעם שרעקליכען געשריי פון קרבן, זיינען צוזאַ־
מענגעלאָפען לואיזע, מעלכיאָר און די גאַנצע הויז. מען האָט
ערנסט'ן ארויסגעריסען אין זעהר א קלאָגעדיגען צושטאַנד.
קריסטאָף האָט איהם ניט געוואָלט ארויסלאָזען פון האַנט:
מען האָט געמוזט אויף איהם אליין זיך ארויפוואַרפען מיט
קלעפּ. מען האָט איהם גערופען „ווילדע חיה": און ער האָט
טאַקי אזוי אויסגעזעהן. די אויגען זיינען ביי איהם געווען
אויסגעשטאַרטשעט פון קאָפּ: ער האָט געקריצט מיט די
ציין, און זיין איינציגער געדאַנק איז געווען: ווידער זיך
ארויף צוצוואַרפען אויף ערנסט'ן: ווען מען האָט איהם גע־
פרעגט: וואָס אזוינס איז געשעהן? האָט זיין צאָרן זיך נאָך
פארדאָפּעלט, און ער האָט געשריען, אז ער וועט איהם דער־
הרג'ענען. ערנסט האָט זיך אויך ענטזאַגט צו ריידען.

קריסטאָף האָט ניט געקאָנט ניט עסען און ניט שלאָ־
פען. עס האָט איהם געוואָרפען אין היץ, און ער האָט גע־
וויינט ביי זיך אין בעט. ער האָט געליטען ניט נאָר צוליעב
אָטאַ'ן. אן איבערקעהרעניש איז פאָרגעקומען אין איהם.
ערנסט האָט קוים פארשטאַנען, וואָס פאר א וואונד ער האָט

פאַרשאַפט זיין ברודער. קריסטאָף האָט געהאַט אַ האַרץ פון פוריטאַניש־שטרענגער ריינקייט, וואָס האָט ניט געקאָנט מוחל זיין די שמוץ פון לעבען; און נאָר ביסלאַכווייז האָט ער די שמוץ מיט שרעק ענטדעקט. צו פופצעהן יאָהר, ביי אַ גאַנץ פרייען לעבען, און מיט שטאַרקע אינסטינקטען, איז ער דאָך נאָך אַלץ פאַרבליבען זעלטען־ריין. זיין נאַטירליכע ריינקייט און שטענדיגע אַרבייט האָבען איהם באַשיצט. זיין ברודער'ס ווערטער האָבען געעפענט פאַר איהם אַ תהום. אַליין וואָלט ער קיין מאָל ניט געקומען אויף דעם געדאַנק וועגען אַזוינע געמיינהייטען. איצט אַבער, אַזוי ווי דער געדאַנק איז אין איהם שוין ערוועקט געוועזן, איז די גאַנצע פרייד פון ליעבען און ווערען געליעבט פאַרדאַרבען געוואָרען. ניט נאָר זיין פריינדשאַפט צו אָטאָ'ן, יעדע פריינדשאַפט איז געוואָרען פאַרגיפטעט.

נאָך פיעל ערגער איז עס געוואָרען, ווען עטליכע סאַרקאַסטישע אַנצוהערענישען האָבען איהם געמאַכט צו דענקען, עס קען זיין מיט אונרעכט, אַז זיי זיינען דער ציעל פון ניט קיין שעהנער נייגעריגקייט מצד פון דער קליינער שטאָדט; באַזונדערס נאָכדעם, ווי מעלכיאָר האָט אין אַ קורצע צייט אַרום איהם אויסגערעדט פאַר זיינע שפּאַצירונגען מיט אָטאָ'ן. וואַרשיינליך האָט מעלכיאָר קיין שלעכטס אין דעם ניט געזעהן. אַבער, באַקומענדיג איין מאָל אַ התראה, האָט קריסטאָף איצט אין יעדער וואָרט געזעהן אַ פאַרדאַכט; ער האָט כמעט זיך גענומען פיהלען שולדיג. אָטאָ האָט אויך דורכגעמאַכט דעמזעלבען קריזיס אין דער זעלבער צייט.

זיי האָבען נאָך געפּרובירט זיך זעהן געהיים. אַבער עס איז פאַר זיי געוואָרען אונמעגליך צו געפינען פון דאָס ניי די נאַטירליכקייט פון זייערע אַלטע באַציהונגען. די פרייהייט

פון זייערע באציהונגען איז געווען צושטערט. אַט דיביידע קינדער, וואָס האָבען זיך אזוי צערטליך געליעבט; וואָס האָבען איינער דעם אנדערן קיינמאָל זיך ניט ערלויבט אפילו א ברודערליכען קוש צו געבען; און וואָס האָבען זיך ניט פאַרגעשטעלט קיין גרעסערן גליק ווי נאָר זיך צו זעהן, צו פארשטעהן, און זיך צו טיילען מיט זייערע חלומות. זיי האָבען זיך איצט געפיהלט באשמוצט דורך דעם פארדאכט פון ניעדעריגע הערצער. סוף כל סוף האָבען זיי אָנגעהויבען זעהן שלעכטס אין די אונשולדיגסטע האנדלונגען. אין א בליק, אָדער האנט־דרוק; זיי פלעגען רויט ווערען און באַקומען שלעכטע געדאנקען. זייערע באציהונגען זיינען געווארען אונערטרעגליך.

נאָר אָהן רייד האָבען זיי אָנגעהויבען זעלטענער זיך צו זעהן; זיי האָבען געפּרובירט אויסקומען מיט'ן שרייבען, אבער זיי האָבען אָנגעהויבען אכטונג צו געבען אויף יעדער אויסדרוק. זייערע בריעף זיינען געוואָרען קאַלט און אָהן טעם. אַט אזוי האָבען זיי דעם מוט פארלאָרען. קריסטאָף האָט ארויסגעשטעלט פאר א תירוץ די ארבייט, אַטאַ זיינע באשעפטיגונגען אום איבערצורייסען די קארעספּאָנדענץ. אין א קורצע צייט ארום איז אַטאַ אַפּגעפאָהרען אין אוניווערזי־טעט; און די פריינדשאפט, וואָס האָט באלויכטען עטליכע חדשים פון זייער לעבען, איז אין גאנצען פארלאָשען גע־וואָרען.

דערצו נאָך האָט א נייע ליעבע, פון וועלכע די איז נאָר געווען א שליח, זיך פארקליבען אין קריסטאָף'ס הארצען, און האָט פארטונקעלט יעדער אנדער ליכט.

פיער־פינף חדשים פאַר די דערמאָנטע פּאַסירונגען, האָט פרוי יאָזעפע פאָן קעריך, זינט א קורצע צייט די אלמנה פון מלוכה־ראַט סטעפאַן פאָן קעריך, פאַרלאָזען בערלין, וואו דעם מאַנ׳ס שטעל האָט איהר ביז דאַמאָלט פאַרהאַלטען. כדי זיך צו באַזעצען מיט איהר טאָכטער אין דער קלײנער שטאָדט ביים רהיין, איהר געבורטסאָרט. דאָרט האָט זי גע־האַט אַן אַלטע פאַמיליען־הויז, מיט א גרויסען גאָרטען, כמעט א פּאַרק, וואָס האָט זיך געצויגען אַראָפּ באַרג ביז צום טייך, אין דער שכנות פון קריסטאָף׳ס הויז. פון זיין בוידים האָט קריסטאָף געזעהן די שווערע צווייגען פון די בוימער, וואָס זיינען געהאַנגען איבער די ווענט און דעם הויכען שפּיץ פון רויטען דאַך מיט זיינע, פון מאָך באַדעקטע, ציגעל. א שמאָ־לע געסעל, דורך וועלכע מען האָט זיך קוים געקאָנט דורכקווע־טשען, האָט זיך געצויגען צו דער רעכטער זייט פון גאָר־טען; פון דאָרט האָט מען געקאָנט, אַרויפקלעטערנדיג אויף א שטיין, אַריבערקוקען איבער׳ן וואַנט. קריסטאָף האָט עס ניט פאַרביי געלאָזען. ער האָט געקאָנט דאַמאָלט זעהן די, מיט גראָז־באַוואַקסענע, אַלייען, די גראָזפעלדער, וואָס האָבען אויסגעוויזען ווי פּריירים; די בוימער, וואָס זיינען אויפ־געוואַקסען איינער אין אַנדערן אָהן א סדר; און דעם ווייַ־סען פראָנט פון הויז מיט די, עקשנות׳דיג צוגעמאַכטע, לאַ־דענס. צוויי מאָל א יאָהר פלעגט א גערטנער דורכגעהן אַרום און אַרום און דורכלופטערן די הויז. אבער באַלד נאָכדעם פלעגט די נאַטור ווידער ווערן די בעל־הבית׳טע איבער׳ן

גאַרטען, און אַלץ פּלעגט ווידער אַריינפאַלען אין אַ שטיל־קייט.

אַט די שטילקייט האָט געמאַכט אויף קריסטאָף׳ן אַ שטאַרקען איינדרוק. גאַנץ אָפט פּלעגט ער אַרויפקלעטערן אויף זיין אָבסערוואַטאָריע, אויף ווי ווייט ער איז געוואַקסען, האָבען צוערשט זיינע אויגען, נאָכהער זיין נאָז און דאַן זיין מאָרדע דערגרייכט ביז צום שפּיץ פון וואַנט; איצט האָט ער שוין זאָגאַר געקאָנט אַריבערלייגען זיינע הענט, זיך שטע־לענדיג אויף די שפּיץ־פינגער. און ניט קוקענדיג אויף די ניט באַקוועמע לאַגע, פּלעגט אַזוי שטעהן מיט׳ן מאָרדע אָנגעשפּאַרט אָן וואַנט, זיך צוקוקענדיג און זיך צוהערענדיג ווי דער אָווענט האָט פאַרנאַנדערגעגאָסען איבער די לאָנ־קעס זיינע זאַנפטע, גאָלדענע כוואַליעס, וועלכע האָבען אָנגע־צונדען אין שאָטען פון די סאָסנעס בלוילעכע שטראַהלען. ער פּלעגט זיך פאַרטראַכטען, ביז ער פּלעגט דערהערען פון גאַס טריט, וואָס האָבען זיך דערנעהענטערט. די נאַכט פּלעגט צוגי־סען איהרע פאַרפיומען אַרום גאַרטען: לילאַק אין פריהלינג, אַקאַציען — אין זומער און טוידטע בלעטער — אין הערבסט. ווען קריסטאָף פּלעגט ביינאַכט קומען צוריק פון שלאָס, ווי פאַרמאַטערט ער זאָל ניט זיין, פּלעגט ער נאָך בלייבען שטעהן ביים טיר, כדי צו טרינקען דעם זיסען ריח; און עס פּלעגט איהם זיין שווער אַריינצוגעהן אין שטיקיגען צימער. ער האָט זיך אויך אָפט געשפּיעלט — אין דער צייט, ווען ער פּלעגט זיך נאָך שפּיעלען — אויף דעם, מיט גראָז באַוואַקסענעם, פּלאַץ, ביים אַריינפאָהר צו קעריך׳ס הויז. פון ביידע זייטען טיר זיינען הויך געשטאַנען צוויי הונדערטיעה־ריגע קאַשטאַנען־בוימער: דער זיידע פּלעגט אָפט זיך אוועק־זעצען אונטער זייער שאָטען רויכערנדיג זיין לולקע, און די

פרוכט פון יענע בוימער פלעגט דיענען די קינדער פאר פיי־
לען און שפּיעלצייג.

איין פריהמאָרגען, דורכגעהענדיג די געסעל, איז ער
ארויפגעקראכען אויפ'ן שטיין, ווי געוועהנליך. ער האָט גע־
טראכט וועגען אנדערע זאכען, און האָט זיך ארומגעקוקט
צערשטרייט. ער האָט שוין געוואָלט ארונטער, ווען ער האָט
באקומען דעם געפיהל פון עפּעס ניט געוועהנליכעס. ער האָט
א קעהר געטאָן די אויגען צום הויז: די פענסטער זיינען גע־
ווען ווייט אָפען; די זון האָט געשטראהלט אינעווייניג, און
כאָטש מען האָט קיינעם ניט געזעהן, האָט דאָך אויסגעוויזען
ווי די אלטע הויז וואָלט אויפגעשטאַנען פון א פופצעהן־יעה־
ריגען שלאָף, און איז מלא־שמחה מיט איהר ערוואכונג.
קריסטאָף האָט זיך אומגעקעהרט אהיים א צומישטער.
ביים טיש האָט דער פאטער גערעדט וועגען דעם, פון
וואס אלע שכנים האָבען איצט גערעדט: וועגען דעם, אז פאָן
קעריך איז געקומען מיט איהר טאָכטער און מיט אונגלויב־
ליך פיעל זאכען. דער פּלאַץ ארום די קאשטאַנען איז געווען
פול מיט ווייסע חברה'ניקעס, וואס זיינען געקומען העלפען
אויספּאקען די באגאזש. קריסטאָף איז געווארען זעהר פאר־
אינטערעסירט מיט דער נייעס, וואס איז געווען א וויכטיגע
פּאסירונג פאר דעם ענגען האָריזאָנט פון זיין לעבען. און האָט
זיך אומגעקעהרט צו זיין ארבייט, זוכענדיג זיך אויסצומאָ־
לען די איינוואָהנער פון דער פאר'כשופ'טער הויז, לויט די באַ־
ריכטען, ווי געוועהנליך מגוזמ'דיגע, פון זיין פאטער. נאָכהער
האָט ער זיך אזוי ארייננעטאָן אין זיין ארבייט, אז ער האָט
אָן אלץ פארגעסען ביז אין אָוועגט. זיך אומקעהרענדיג אהיים,
האָט ער זיך ווידער מיט אמאָל אָן אלץ דערמאָנט; און א
נייגעריגקייט האָט איהם געטריבען זיך צו שטעלען אויף זיין

פֿאַסט, כדי נאָכצוקוקען וואָס עס געהט פֿאָר אין הויז. ער האָט אָבער קיין זאַך מעהר ניט געזעהען, ווי די פֿריערדיקע אַלייען, די אַהן א סדר צואוואָרפֿענע בוימער, וואָס האָבען אויסגעוויזען ווי זיי וואָלטען דרעמלען אונטער די לעצטע זונענשטראַהלען. אין עטליכע מינוט אַרום האָט ער פֿאַרלאָרען די ערינערונג אַן דעם געגענשטאַנד פֿון זיין נייגעריגקייט, און ער איז פֿאַרכאַפּט געוואָרען פֿון דער זיסער שטילקייט. אַט דער זאַנדערבאַרער פּלאַץ — וואו ער פֿלעגט שטעהן אויסגעצויגען אויף'ן שפּיץ פֿון שטיין, אַנהאַלטענדיג דעם גלייכגעוויכט — איז געוועזען דער אויסערוועהלטער פּלאַץ פֿאַר זיינע טרוימען. נאָך דעם העסליכען, פֿינסטערען, שטיקיגען געסעל, האָט דער, פֿון זון־באַגאָסענער, גאָרטען, געהאַט פֿאַר איהם א כשוף־גלאַנץ. זיין גייסט האָט פֿריי געוואַנדערט אין די האַרמאָנישע ווייטקייט און מעלאָדישע מוזיק; ער איז פֿאַרשלעפּערט געוואָרען פֿון זיי, האָט פֿאַרגעסען די צייט, די זאַכען און האָט נאָר געטראַכט וועגען דעם: ניט צו פֿאַרלירען קיין איינציגען פֿון די סודות פֿון זיין האַרצען.

אַט אַזוי האָט ער געטרוימט מיט אָפֿענע אויגען און אַן אָפֿענעם מויל, און וואָלט ניט געקאָנט זאָגען, ווי לאַנג ער האָט געטרוימט, וואָרום ער האָט קיין זאַך ניט געזעהן. פּלוצלונג איז ער א פֿאַרציטערטער געוואָרען. פֿאַר איהם, וואו די אַלייע האָט זיך פֿאַרבויגען אַן א זייט, זיינען געשטאַנען צוויי פֿרויען און איהם אָנגעקוקט. איינע א יונגע דאַמע, אין שוואַרצען, מיט פֿיינע, אונרעגעלמעסיגע געזיכטסציגען, מיט אַש־בלאָנדע האָר, גרויס, עלעגאַנט, מיט א גלייכגילטיגע אָפּגעלאָזענקייט אין דער האַלטונג פֿון קאָפּ — האָט איהם באַטראַכט מיט פֿריינדליכע און לוסטיגע אויגען. די אַנדערע— א מיידעל פֿון א יאָהר פֿופֿצעהן, אויך אין טיעפֿען טרויער,

האָט געמאַכט אַ מינע פון אַ קינד, וואָס וויל אויספּלאַצן מיט אַ געלעכטער; אַביסעל הינטער דער מוטער, וועלכע האָט איהר געמאַכט אַ צייכען צו בלייבען שטיל, האָט זי באַ־האַלטען די מויל אין איהרע הענט, אַזוי ווי איהר וואָלט ווער ווייס ווי שווער געווען צו דערשטיקען אין זיך דעם געלעכ־טער. דאָס איז געווען אַ קליין נפש׳ל מיט אַ פרישען פּנים, ווייס, ראָזיג און קיילאַכדיג; זי האָט געהאַט אַ קליינע, אַביסעל גראָבליכע נאָז, אַ קליינע מויל, אַ קליינע, קיילאַכ־דיגע מאָרדע, פיינע ברעמען, קלאָהרע אויגען און אַ סך, אַ סך בלאָנדע האָר, וואָס זיינען געווען פאַרפלאָכטען אין צעפּ און אויסגעלייגט אויף איהר קאָפּ ווי אַ קראַנץ, לאָזענדיג אָפען אַ קיילעכדיגען האַלז און אַ גלאַטען, ווייסען שטערן— אַ קראַנאַך פּנים.

קריסטאָף איז פאַרשטיינערט געוואָרען פון דער ער־שיינונג. אנשטאָט צו מאַכען אַ ויברח, איז ער געבליבען שטעהן מיט אַ ברייט־געעפענטען מויל, ווי צוגעשמידט צו זיין פּלאַץ. ערשט ווען ער האָט דערזעהן ווי די יונגע דאַמע מיט׳ן שפּאַטישען שמייכעל מאַכט עטליכע טריט צו איהם, האָט ער זיך אַ ריס געטאָן, אַ שפּרונג געטאָן, זיך איבער־דרייענדיג און זיך אריינגעכאַפּט אין געסעל, מיטשלעפּענדיג מיט זיך די פּלאַסטער פון וואַנט. ער האָט געהערט הינטער זיך אַ פריינדליכע שטים, וואָס האָט איהם גערופען: „קליי־נער!" און אַ קינדערשען געלעכטער, קלאָהר, פליסענדיג, ווי דער קול פון אַ פויגעל. ער איז געקומען צו זיך אין געסיל, אויף די הענט און אויף די קניע; און נאָך איין רגע פון צור־מישונג, האָט ער געמאַכט לאַנגע פיס, אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט, מען זאָל איהם ניט נאָכיאָגען. ער האָט זיך גע־שעמט; און די שאַנד איז איהם ווידער באַפאַלען, ווען ער

האָט זיך געפונען אַליין, ביי זיך אין צימער. זינט דאַמאָלט האָט ער נים געהאַט דעם מוט דורכצוגעהן דאָס געסעל, מורא האָבענדיג, אַז מען קען איהם נאָכשפּירען, כדי איהם אָנצו־קוקען. ווען ער פלעגט זיין געצוואונגען פאַרבייצוגעהן די הויז, פלעגט ער זיך דורככאַפּען האַרט ביים וואַנט, מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, און פלעגט כמעט לויפען, זיך נים אומקעהרענדיג. אין דערזעלבער צייט האָט ער נים אויפגע־הערט צו טראַכטען וועגען די צוויי פאַרשווינען, וואָס ער האָט געזעהן; ער פלעגט אַרויפקריכען אויפ׳ן בוידעם, אויסטוענ־דיג די שיך, כדי מען זאָל איהם נים הערען, און פלעגט דורך די דאַך־שויבען קוקען אויף דער זייט פון קעריך׳ס הויז אין גאָרטען, כאָטש ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז מעהר ווי די שפּיצען פון די ביימער און די קוימענס האָט מען נים גע־קאָנט זעהן.

אין אַ חודש אַרום האָט ער אויף איינעם פון די וועכענטליכע קאָנצערטען פון הויפמוזיק־פעראיין געשפּיעלט זיינע אַ שטיק פאַר פּיאַנאָ און אָרקעסטער. ער איז שוין געווען דערגאַנגען ביז אין מיטען פון לעצטען טייל, ווען ער האָט צופעליג דערזעהן אין דער לאָזשע, פונקט אַנטקעגען איהם, פרוי פאָן קעריך און איהר טאָכטער, וואָס האָבען אויף איהם געקוקט. ער האָט עס אַזוי ווייניג ערוואַרט, אַז ער איז געווען שטאַרק איבערראַשט, און כמעט דורכגעלאָזען צו ענט־פערן דעם אָרקעסטער. ער האָט געשפּיעלט ווייטער אָהן קאָפּ ביז צו ענד. ווען ער האָט געענדיגט, האָט ער געזעהן, כאָטש ער האָט זיך געהיט צו קוקען אין זייער זייט, ווי פרוי און פריילין פאָן קעריך האָבען אַפּלאָדירט, אַביסעל איבער־טריעבען, אַזוי ווי זיי וואָלטען געוואָלט, ער זאָל זעהן ווי זיי אַפּלאָדירען. ער האָט זיך געאיילט צו פאַרלאָזען די ביהנע.

אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט געהאַלטען ביים פאַרלאָזען דאָס טעאַטער, האָט ער באַמערקט אין פאָרצימער, אָפּגע־זונדערט פון איהם דורך עטליכע רייהען מענשען, פרוי און פריילין קעריך, וועלכע האָבען, ווי עס ווייזט אויס, געוואַרט אויף איהם. עס איז געווען אונמעגליך זיי ניט צו זעהן: ער האָט פון דעסטוועגען זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט זיי ניט געזעהן; און זיך אַ קעהר טוענדיג פּלוצלונג, איז ער שנעל אַרויס דורך דער הינטער־טיר פון טעאַטער. גלייך נאָכדעם האָט ער חרטה געקראָגען, ווארום ער האָט גאַנץ גוט געזעהן, אַז פרוי פאָן קעריך איז בשום אופן ניט אונפריינדליך צו איהם... פונדעסטוועגען האָט ער געוואוסט, אַז ער וועט טאָן פונקט דאָסזעלבע, אויב דאָס וועט איהם ווידער אויסקומען. ער האָט באמת מורא געהאַט איהר אין גאַס צו טרעפען, ווען ער פלעגט פון ווייטען דערזעהן אַ פיגור, וואָס איז ענליך צו איהר, פלעגט ער זיך פאַרקירעווען אין אַן אַנדער וועג.

זי איז עס געווען, וואָס איז צו איהם געקומען. זי האָט איהם אויסגעזוכט אין זיין אייגענער היים.

איין מאָל ביימאָג, ווען ער איז געקומען עסען מיטאָג, האָט לואיזע מיט שטאָלץ איהם דערצעהלט, אז אַ לאַקיי אין קורצע הויזען און אין אַ ליווריי האָט געבראַכט אַ בריעף אויף זיין אדרעס; און זי האָט איהם דערלאַנגט אַ גרויסען קאָנווערט, ארומגערינגעלט מיט שווארץ, אויף וועלכען עס איז פון הינטען געווען אויסגעקריצט קעריך'ס וואפען־הערב. קריסטאָף האָט עס געעפענט, ציטערנדיג ביים לייענען פאָלגענדעס:

„פרוי יאָזעפא פאָן קעריך בעט דעם הער הויף־מוזיקער, קריסטאָף קראַפט, צו קומען צו איהר אויף טיי, היינט האַלב נאָך פינף אזייגער".

— „איך וועל אַהין ניט געהן" — האָט קריסטאָף ערקלעהרט.

„וואָס הייסט!" — האָט לואיזע געשריען — „איך האָב געזאָגט, אז דו וועסט קומען!"

קריסטאָף האָט געמאַכט דער מוטער אַ סצענע, און איהר פארגעווארפען, אז זי מישט זיך אין אַלץ, וואָס האָט גאָר קיין שייכות ניט צו איהר.

„דער דיענער האָט געווארט אויף אַן ענטפער. איך האָב געזאָגט, אז דו ביזט דוקא היינט פריי. דו האָסט דאָך יענע שעה גאָר ניט וואָס צו טאָן."

כאָטש קריסטאָף האָט זיך שטארק געערגערט, און גע־

שוואַרצן, אז ער קען ניט און וועט ניט געהן, דאָך האָט ער זיך איצט ניט געקאָנט אפזאָגען. ווען עס איז געקומען די שעה פון דער איינלאַדונג, האָט ער געמאכט זיינע הכנות אַ ברוגז׳דיגער; אין תוך גענומען, איז ער אבער גאָר ניט געווען בייז, וואָס דער צופאַל האָט גובר געווען זיין שלעכטען ווי־לען.

פרוי פאָן קעריך האָט ניט געדאַרפט זיך אָנשטרענגען צו דערקענען אין דעם פּיאַניסט פון קאָנצערט יענעם קליינעם ווילדען, וועמעס קאַלטענוואַסער קאָפּ עס האָט זיך באוויזען איבער דער וואַנט פון איהר גאָרטען אין דעם טאָג, ווען זי איז אָנגעקומען. זי האָט ביי די שכנים גענומען ידיעות וועגען איהם; און דאָס, וואָס זי האָט זיך דערוואוסט וועגען קריס־טאָף׳ס פאַמיליע און דעם שווערען, בראַווען לעבען פון קינד, האָט אין איהר ערוועקט אַן אינטערעס צו איהם און אַ ניי־געריגקייט מיט איהם צו ריידען.

קריסטאָף, אָנגעטאָן אין אַ משונה׳דיגען, לאַנגען ראָק, אין וועלכען ער האָט אויסגעזעהן ווי אַ דאָרפישער פּאַסטאָר, איז אריין אין הויז, אַ קראַנקער פון שעמעדיגקייט. ער האָט געפּרובירט זיך איינריידען, אז די דאַמען פאָן קעריך האָבען ניט געהאַט קיין צייט צו באַמערקען זיינע געזיכטסציגע אין דעם ערשטען טאָג פון זייער אָנקונפט. אַ דינער האָט איהם דורך אַ לאַנגען קאָרידאָר, וועמעס קאָווערען עס האָבען פאַר־שטיקט דעם גערויש פון טריט, אריינגעפיהרט אין אַ צימער, פון וועלכען אַ גלעזערנע טיר האָט געפיהרט צום גאָרטען; עס איז געווען אַ קאַלטער טאָג; אַ קליינער רעגען איז געפאַ־לען; אין קאַמין האָט געברענט אַ קרעפטיגער פייער. ביים פענסטער, דורך וועלכען עס האָבען אין נעבעל ארויסגעקוקט די סילועטען פון די נאַסע בוימער, זיינען געזעסען ביידע

דאַמען. ווען קריסטאָף איז אַריין, האָט פרוי פאָן קעריך גע־האַלטען אויפ'ן שויס אַ האַנט־אַרבייט, און די טאָכטער — אַ בוך, פון וועלכען זי האָט פאָרגעלייענט. ווען זיי האָבען איהם דערזעהן, האָבען זיי זיך איבערגעוואָרפען מיט אַ כיט־רען בליק.

— „זיי דערקענען מיך“ — האָט קריסטאָף אַ טראַכט געטאָן אַ פאַרציטערטער.

ער האָט אומגעשיקט זיך פאַרנייגט איינמאָל און אַ צוויי־טען.

פרוי פאָן קעריך האָט פרעהליך געשמייכעלט. און איהם אַנטקעגען אויסגעשטרעקט די האַנט:

„גוטען טאָג, מיין טייערער שכן“ — האָט זי אַ זאָג גע־טאָן — „איך בין זעהר צופריעדען אייך ביי מיר צו זעהן. זינט איך האָב אייך געהערט אין קאָנצערט, האָב איך נאָר איין פאַרלאַנג געהאַט, אייך אַרויסצוזאָגען, וואָס פאַר אַ גרויס פאַרגניגען איהר האָט מיר פאַרשאַפט. און אַזוי ווי דער איינציגער מיטעל דאָס אייך אַרויסצוזאָגען, איז געווען אייך צו פאַרבעטען אהער, האָף איך, אַז איהר וועט ניט נעהמען פאַר אומגוט, וואָס איך האָב זיך דערפּיט באַנוצט.“

אין די ליעבענסווירדיגע און באַנאַלע ווערטער איז גע־ווען אַזוי פיעל הארציגקייט, ניט קוקענדיג אויף די באַהאַל־טענע איראָניע, דאָס קריסטאָף האָט זיך ווייעדער געפיהלט ערמוטיגט.

— „זיי דערקענען מיך ניט“ — האָט ער געטראַכט מיט דערלייכטערונג.

פרוי פאָן קעריך האָט פאָרגעשטעלט איהר טאָכטער, וועלכע האָט דערוויילּ פאַרמאַכט דאָס בוך און נייגעריג באַ־טראַכט קריסטאָף'ן.

„מיין טאָכטער מינא — האָט זי געזאָגט — וואָס וויל איך זעהר זעהן."

„אָבער מאמא — האָט מינא געזאָגט — מיר זעהן זיך דאָך היינט ניט צום ערשטען מאָל."

און זי האָט אויסגעפּלאַצט מיט א געלעכטער.

— „זיי האָבען מיך דערקענט" — האָט קריסטאָף גע־טראַכט, א דערשלאָגענער.

„טאַקי אמת" — האָט פרוי פאָן קעריך געזאָגט אויך לאַכענדיג, — „איהר האָט אונז שוין איין מאָל באעהרט מיט א באזוך אין דעם טאָג, ווען מיר זיינען אָנגעקומען."

ביי די ווערטער האָט די מיידעל זיך פון דאָס ניי צור־לאַכט, און קריסטאָף האָט געמאַכט אזא רחמנות'דיגען פּנים, אַז, קוקענדיג אויף איהם, האָט מינא זיך נאָך מעהר צולאַכט. עס איז געווען א ווילדער געלעכטער: זי האָט זיך כמעט צור־ויינט פון לאַכען. פרוי פאָן קעריך, וועלכע האָט איהר גע־וואָלט אָפּשטעלען, האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען אליין ניט מיטצולאַכען; און קריסטאָף, ניט קוקענדיג אויף זיין פאַר־לעגענהייט, איז אויך אָנגעשטעקט געוואָרען. זייער גוטע שטימונג האָט גובר געווען: מען האָט ניט געקאָנט פאַריבעל האָבען אויף זיי. ער האָט אבער אינגאַנצען פאַרלאָרען די האַלטונג, ווען מינא האָט איהם א פרעג געטאָן: וואָס, איי־גענטליך, האָט ער געקאָנט טאָן ביי זיי אויפ'ן מויער? זי האָט זיך אַמוזירט מיט זיין פאַרלעגענהייט. ער האָט עפּעס גע־שטאַמעלט אין פאַרצווייפלונג. פרוי פאָן קעריך איז איהם אבער געקומען צו הילף, אראָפּפיהרענדיג דעם געשפּרעך אָן א זייט און אָנגיסענדיג טיי.

זי האָט פריינדליך איהם גענומען אויספרעגען וועגען זיין לעבען. ער אבער האָט זיך נאָך אַלץ ניט געפיהלט באַ־

קוועם. ער האָט ניט געוואוסט, ווי צו האַלטען זיין טאס, וועל־
כע האָט געהאַלטען ביים איבערקעהרען זיך; ער האָט גע־
פונען פאר זיין חוב יעדעס מאָל, ווען מען האָט איהם פאר־
געלייגט וואסער, מילך, צוקער אָדער געבעקס, זיך אויפצו־
הויבען און צו דאנקען, זיך טיעף פארנייגענדיג, כאָטש ער
האָט זיך געפיהלט אזוי ווי איינגעפאנצערט אין זיין קאָלנער
און האַלזטוך, און איינגעפענטעט אין לאנגען ראָק, און האָט
קוים געוואגט און קוים געקאָנט דרעהען דעם קאָפ אויף
רעכטס אָדער לינקס. די טויזענט פראגען, וואָס פרוי פאָן
קעריך האָט איהם געשטעלט, און די ווארימקייט פון איהרע
מאניערען האָבען איהם באטויבט, און מינא׳ס בליקען, וועל־
כע ער האָט געפיהלט איינגעזויגען אין זיין פנים, אין זיינע
הענט, קליידער און באוועגונגען, האָבען איהם גאָר צוטור־
מעלט. זייביידע האָבען איהם נאָך מעהר צורודערט, וועלענ־
דיג מאכען, אז ער זאָל זיך פיהלען בעסער: פרוי פאָן קעריך,
דורך דעם שטראָם פון איהרע ווערטער, און מינא, דורך די
קאָקעטישע אויגלאַך, וואָס זי האָט געמאכט צו איהם אינס־
טינקטיוו, זיך צו אמוזירען.

ענדליך האָבען זיי אויפגעגעבען דעם פארלאנג צו ווע־
לען ארויסציהען פון איהם מעהר ווי פארנייגונגען און איינ־
צעלנע ווערטער; און פרוי פאָן קעריך, ווערענדיג פארמא־
טערט צו טראָגען אויף זיך אליין די גאנצע לאסט פון אונ־
טערהאַלטונג, האָט איהם געבעטען זיך צו זעצען ביים קלא־
וויר. פיעל מעהר איינגעשראָקען ווי פאר א גרויסען עולם
האָט ער אויסגעשפּיעלט מאצארט׳ס א שטיקל שטיק. אבער
דוקא אָט די שעמעדיגקייט, די לייכטע אונבאקוועמליכקייט,
וואָס זיין הארץ האָט אָנגעהויבען צו פיהלען אין דער נאָ־
הענטקייט פון די ביידע פרויען, דאָס אמת הארציגע געפיהל,

וואָס האָט געמאַכט ציטערן זיין ברוסט גליקליך און אונ־גליקליך צו דער זעלבער צייט. האָבען אויסגעצייכענט זיך צוגעפּאַסט צו דער צאַרטקייט און יוגענדליכער ריינקייט פון דער מוזיק, און האָבען איהר צוגעגעבען דעם חן פון פריה־לינג. פרוי פאָן קעריך איז געוועזען אינגאַנצען געריהרט; זי האָט זיך צוגעפּאַסען ליבענדיג איהם אין הויכע פראַזען, צו וועל־כע די דאַמען פון דער געזעלשאַפט זיינען געוואָהנט; עס איז פון דעסטוועגען געווען גאַנץ עהרליך געמיינט, און זאָגאַר די גוזמאות זיינען געווען אָנגענעהם, קומענדיג פון אַ ליעבענס־ווירדיגען מויל. מינא האָט געשוויגען, און האָט מיט פאַר־וואונדערונג געקוקט אויף דעם אינגעל, וואָס איז אַזוי נאַריש אין ריידען, וועמעס פינגער אבער זיינען אַזוי באַרעדט. קריסטאָף האָט געפיהלט זייער סימפּאַטיע און דאָס האָט איהם צוגעגעבען האַרץ. ער האָט ווייטער געשפּיעלט, און האַלב זיך אומקעהרענדיג צו מינאַ'ן, האָט ער געזאָגט מיט אַ פאַרשעמ־טען שמייכעל, ניט אויפהויבענדיג די אויגען:

— „אָט דאָס איז, וואָס איך האָב געטאָן אויף'ן וואַנט.“

ער האָט געשפּיעלט אַ קליינע שטיק, פון איהם אַליין פאַרפאַסט, אין וועלכען ער האָט ענטוויקעלט די מוזיקאַלישע געדאַנקען, וואָס זיינען איהם געקומען אויף זיין געליעבטען פּלאַץ, קוקענדיג אויף'ן גאַרטען; כאָטש ניט דוקא יענעם אָווענט, ווען מינאַ און פרוי פאָן קיריך זיינען אָנגעקומען. (ער האָט געזוכט זיך איינצורעדען צוליעב געהיימע אורזאַ־כען, וועלכע זיין האַרץ האָט נאָר געוואוסט, אַז עס איז גע־ווען אַזוי—) נאָר אין פריהערדיגע אָווענטען; און מען האָט געקאָנט געפינען אין דעם שטילען באַלאַנסירען פון Adonto con moto די אָנגענעהמע ערינערונגען אַז פויגעל־געזאַנג, אַז זשומען פון די פליעגלאַך, אַז דאָס ערהאַבע־

נע שווייגען פון די גרויסע בוימער, און דעם פריערדן פון דער אונטער־געהענדער זון.

זיינעביידע צוהערערינס האָבן זיך איינגעהערט מיט גרוים התפעלות. ווען ער האָט געענדיגט, איז פרוי פאָן קע־ריך אויפגעשטאַנען, האָט מיט איהר געוועהנליכער ווארימ־קייט איהם געכאפט פאר די הענט, און האָט איהם ווארים געדאנקט. מינא האָט געפּאטשט מיט די הענט און געשריען, אז עס איז געוועזן וואונדערבאר; און אום ער זאָל שאפען נאָך אנדערע, פּונקט אזוינע פּרעכטיגע, ווערק, וועט זי אוועק־שטעלען א לייטער ביים וואַנט, כדי ער זאָל קענען דאָרט ארבייטען, וויפיעל איהם וועט געפעלען. פרוי פאָן קעריך האָט געבעטען קריסטאָף'ן זיך ניט צוצוהערען, וואָס די נאַ־רישע מינא רעדט; היות ווי ער ליעבט זעהר איהר גאָרטען, מעג ער איהם באַנוצען אזוי אָפט, ווי ער וויל נאָר; און זי האָט נאָך צוגעגעבען, אז ער דאַרף זאָגאר ניט קומען זיי באַ־גריסען, אויב דאָס איז איהם ניט באקוועם.

— „איהר דארפט ניט קומען אונז באגריסען" — האָט מינא געפּונעט פאר נויטיג איבערצו'חזר'ן — „אבער אויב איהר וועט ניט קומען, היט זיך!".

און זי האָט איהם א סטראשע געטאָן מיט'ן פינגער.

מינא האָט ניט געהאט קיין שטארקען פארלאנג, אז קריסטאָף זאָל זיי באזוכען; זאָגאר ניט, אז ער זאָל זיך פאר־האלטען געגען איהר נאָך די כללים פון העפליכקייט; עס איז איהר אבער אנגענעהם געווען ארויסצורופען א קליינעם עפעקט, וואָס איז, ווי זי האָט עס געפיהלט אינסטינקטיוו, זעהר רייצענד.

קריסטאָף איז רויט געוואָרען פון פרייד. פרוי פאָן קע־ריך האָט איהם אין גאַנצען באזיעגט דורך דעם טאקט, מיט

וועלכען זי האָט גערעדט וועגען זיין מוטער און זיין זיידען. וועמען זי האָט אמאָל געקענט. די ווארימקייט און הארציג־קייט פון דיביידע פרויען האבען איהם דורכגענומען; ער האָט מגזם געווען אָט די לייכטע גוטסקייט, אָט די וועלטליכע פריינדליכקייט, ווייל איהם האָט זיך געוואָלט גלויבען, אז זיי זיינען הארציג און טיעף. ער האָט זיך אוועקגעלאָזען דער־צעהלען וועגען זיינע פלענער און צרות מיט א נאַיווען צו־טרויען. ער האָט מעהר ניט באמערקט ווי א שעה איז פאר־איבער, און איז אויפגעשפרונגען פון פארוואונדערונג, ווען דער דיענער איז געקומען און אָנגעזאָגט, אז דער מאָלצייט איז גערייט. זיין צומישונג האָט זיך אבער פארוואנדעלט אין גליק, ווען פרוי פאָן קעריך האָט איהם געצוואונגען צו פאר־בלייבען צום עסען ביי זיי, ווי ביי גוטע פריינד. מען האָט איהם געגעבען א פלאץ צווישען דער מוטער און דער טאָכ־טער; אבער ער האָט ביים טיש ארויסגעוויזען וויינינגער טאלאנט, ווי ביים קלאוויר.

די זייט פון זיין ערציהונג איז געווען שטארק פארלאָ־זען; ער איז געווען געניינגט צו גלויבען, אז ביים טיש איז עסען און טרינקען די הויפט זאך; און אז די מאניערען דערביי זיינען גאָר ניט וויכטיג. און די גוטערצויגענע מינא האָט געקוקט אויף איהם אביסעל אָנגעבלאָזען און סקאנדאַ־ליזירט.

מען האָט גערעכענט, אז גלייך נאָכ'ן עסען וועט ער זיך געזעגענען. אנשטאָט דעם איז ער זיי נאָכגעגאנגען אין קליי־נעם זאָל, האָט זיך אוועקגעזעצט לעבען זיי, און האָט גאָר ניט געטראכט וועגען אוועקגעהן. מינא האָט איינגעהאלטען איהר געניצען, און האָט געמאכט דער מוטער אלערליי צייכ־בענס. ער אבער האָט עס ניט געמערקט, ווארום ער איז גע־

װען פאַר'שכור'ט פון זײן גליק; און האָט געמײנט, אז אויף זײ מוזען פיהלען װי ער, באזונדערס אָט די מינא, װעלכע האָט פאַרטגעזעצט איהם צו מאַכען אויגאַלאַך אוים פשוט'ער געװאָהנהײט; דערצו האָט ער ניט געװאוסט, װי זיך אויפ־צוהויבען און זיך צו געזעגענען; ער װאָלט אזױ פאַרבליבען זיצען די גאַנצע נאַכט, װען פרוי פאָן קעריך װאָלט איהם ניט משלח געװען, גאַנץ פשוט, כאָטש זעהר ליעבענסװירדיג.

ער איז אװעק, טראָגענדיג אין זיך דאָס ליעבליכע ליכט פון פרוי פאָן קעריך'ס ברױנע און מינא'ס בלױע אויגען; ער האָט געפיהלט אויף זײן האַנט די פײנע באַריהרונג פון די צאַרטע און, װי בלומען זיסע, פינגער; און א שאַרפער ריח פון פאַרפיומען, װאָס ער האָט קײן מאָל ניט געשמעקט, האָט איהם אײנגעװיקעלט, באַטױבט, און כמעט איהם געמאַכט צום חלש'ן.

אין צוויי טעג ארום איז ער ווידער געקומען, ווי עס איז געווען אָפּגעמאכט, אום צו געבען מינא'ן א קלאוויר־שטונדע. פון דאמאָלט אָן פלעגט ער, אונטער דעם אויסרייד, קומען רעגעלמעסיג צוויי מאָל א וואך אין פריהמאָרגען, און גאנץ אָפט פלעגט ער ווידער קומען אויך אין אָווענט צו שפּיעלען מוזיק און צו פּלוידערן.

פרוי פאָן קעריך האָט גערן איהם געזעהן; זי איז געווען א קלוגע, גוט הארציגע פרוי. צו פינף און דרייסיג יאָהר האָט זי איהר מאן פארלאָרען; און כאָטש זי איז נאך געווען יונג אין גוף און נשמה, דאך האָט זי זיך צוריקגעצויגען אָהן באדויערן פון דער גרויסער וועלט, אין וועלכער זי האָט געשפּיעלט א געוויסע ראָלע פון איהר חתונה אָן. פיללייכט האָט זי זיך אזוי לייכט אָפּגעריסען פון דאָרט, ווייל זי האָט שוין פיעל זיך אמוזירט דאָרט; און האָט גאנץ שכל'דיג אויסגערעכענט, אז מען קען מעהר ניט האָבען, וואָס מען האָט שוין געהאט. זי איז געווען צוגעבונדען צו קעריך'ס אנדענקען, כאָטש זי האָט אין קיין צייט פון איהר בונד מיט איהם ניט געפיהלט קיין זאך, וואָס זאָל זיין עהנליך אויף ליעבע; גוט פריינדשאפט איז געווען גענוג פאר איהר; זי האָט געהאט א רוהיגען טעמפּעראמענט און א צערטליכע נאטור.

זי האָט אין גאנצען זיך איבערגעגעבען צו דער ערציהונג פון דער טאָכטער; אבער די מעסיגונג, וואָס זי האָט ארויסגעוויזען, האָט אָפּגעשוואכט אויך דאס, וואָס איז פאַ־

ראַן קראַנקהאַפטעס און גוזמא'דיגעס אין דער מוטערשאַפט, באַזונדערס, ווען דאָס קינד איז דאָס איינציגע באַשעפעניש, אויף וועלכע די פרוי טראָגט אריבער איהר אייפערזיכטיגען בעדאַרף צו ליעבען און צו ווערען געליעבט. זי האָט מינא'ן היים געליעבט, אבער זי האָט געקוקט אויף איהר מיט א קלאָהרען קאָפּ; און זי האָט ניט פאַרפעהלט צו באמערקען קיינע פון איהרע חסרונות, פונקט ווי זי האָט זיך ניט גע־נאַרט וועגען זיך אליין. וויציג און קלוג, האָט זי געהאַט א שאַרפען אויג צו ענטדעקען גלייך פון ערשטען בליק די שוואַכקייטען און לעבערליכקייטען פון יעדען איינעם; זי האָט אין דעם געפונען גרויס פאַרגניגען אָהן דעם שאַטען פון בייזקייט; וואָרום זי איז געווען פונקט אזוי מילד ווי שפּאָטיש, און מאַכענדיג חוזק פון מענשען, פלעגט זי דאָך האָלט האָבען זיי צו טאָן טובות.

דער קליינער קריסטאָף האָט געגעבען א גוטע געלעגענ־הייט פאַר איהר גוטסקייט און פאַר איהר קריטישען גייסט. אין דער ערשטער צייט פון איהר פאַרבלייבען אין דער קליי־נער שטאָדט, וואו איהר גרויס טרויער האָט איהר געהאַלטען אָפּגעשלאָסען פון דער געזעלשאַפט, איז קריסטאָף פאַר איהר געווען א צערשטרייאונג. קודם כל דורך זיין טאַלאַנט. זי האָט האָלט געהאַט מוזיק, כאָטש זי איז ניט געווען מוזיקאַליש; זי האָט אין דעם געפונען א קערפּערליכען און גייסטיגען פאַר־גניגען; און איהרע געדאַנקען פלעגען דערביי צושוואומען ווערן אין א זיסער מעלאַנכאָליע. זיצענדיג ביים פייער — בעת קריסטאָף האָט געשפּיעלט — מיט אַן אַרבייט אין האַנט, און מיט אַן אונבאַשטימטען שמייכעל, האָט זי גע־פיהלט א שטילען גענוס אין די מעכאַנישע באַוועגונגען פון זיינע פינגער און אין די אונבאַשטימטע באַוועגונגען פון איה־

רע חלומות, וואָס פלעגען ארומוואנדערן צווישען די זיסע און טרויעריגע ערינערונגען פון דער פארגאנגענהייט.

אָבער נאָך מעהר ווי מיט דער מוזיק, האָט זי זיך אינטע־רעסירט מיט דעם מוזיקאנט. זי איז געווען אינטעליגענט גע־נוג צו קענען פיהלען קריסטאָף'ס זעלטענעם טאלאנט, כאָטש זי איז ניט געווען פעהיג גענוג צו קענען גענוי אָפשאצען זיין אמת'ע אָריגינאליטעט. זי האָט געהאט א זאָנדערבארען פאר־גניגען נאָכצוקוקען, ווי עס ערוואכט אין איהם יענער גע־היימניספולער פייער, וואָס האָט איהם געברענט. זי האָט גיך דערקענט זיינע גוטע מעלות, זיין עהרליכקייט, זיין מוט, און יענעם זארט מאראלישע פעסטקייט, וואָס איז אזוי ריהר־רענד ביי קינדער. אבער ניט קוקענדיג אויף דעם, האָט זי איהם דאָך באטראכט מיט דעם געוויינליכען, שארפען בליק פון איהרע שפּאָטישע אויגען. זי האָט זיך אמוזירט איבער זיין ניט געשיקטקייט, העסליכקייט און זיינע קליינע לע־כערליכקייטען ; זי האָט איהם ניט גענומען צו ערנסט ; זי האָט בכלל ניט פיעל זאכען גענומען ערנסט. זיינע נארישע איינ־פאלען, זיינע פאנטאסטישע שטימונגען האָבען תחלת גע־מאכט אויף איהר דעם איינדרוק, אז ער איז ניט אינגאנצען ביים זינען, זי האָט אין איהם געזעהן איינעם פון יענע קראפט'ס, וואָס זיינען גוטע מוזיקאנטען, אבער אלע אבי־סעל משוגע.

אָט די לייכטע איראָניע איז פון קריסטאָף'ן ניט באַ־מערקט געוואָרען. ער האָט נאָר געפיהלט פרוי פאָן קעריך'ס גוטסקייט. ער איז אזוי ווייניג געווען געוואָהנט, אז מען זאָל צו איהם גוט זיין! כאָטש זיינע פליכטען אין שלאָס האָבען איהם געבראכט אין טאָג־טעגליכע באריהרונג מיט דער גרוי־סער וועלט, איז דער אָרימער קריסטאָף דאָך אלץ פארבליבען

א קליינער דזשיקאַן אַהן בילדונג, און אַהן ערציהונג. דער עגאָיזם פון הויף האָט מיט איהם זיך גאָר אזוי ווייט איגטער־רעסירט אום ארויסצוציהען נוצען פון זיין טאַלאַנט, אבער קיין מאָל ניט געזוכט איהם מיט וואָס צו דיענען. ער פלעגט קומען אין שלאָס, זיך זעצען ביים קלאַוויר, אָפּשפּילען און אוועקגעהן; און קיינער האָט קיינמאָל זיך ניט געגעבען די טרחה מיט איהם זיך צו אונטערהאַלטען, סיידען איהם צו זאָגען עפּעס א וואולגארן און צושטרייטען קאָמפּלימענט. זינט דעם זיידענס טוידט איז קיינעם ניט איינגעפאַלען, ניט אין דער היים, און ניט אַנדערשוואו, איהם צו העלפען זיך בילדען, אריינצופיהרען אין לעבען, איהם צו מאכען פאר א מענשען. ער האָט שרעקליך געליטען פון זיין אונוויסענהייט און פון זיינע שלעכטע מאַניערען. ער האָט מיט בלוט און שוויים זיך געמאַטערט אליין זיך אויסצופיינען, אבער דאָס האָט איהם זיך ניט איינגעגעבען. ביכער, אונטערהאַלטונגען, ביישפּיעלען, אַלץ האָט איהם געפעהלט. ער וואָלט געדאַרפט אויסריידען זיין הארץ פאר א פריינד; אבער ער האָט ניט געקאָנט זיך באַשליסען אויף דעם. אפילו פאר אָטאָ'ן האָט ער עס ניט געוואגט, ווארום גלייך ביי די ערשטע ווערטער, האָט יענער אָנגענומען אזא טאָן פון באַליידיגענדער גאווה, אז עס האָט איהם א ברען געטאָן ווי מיט א ברענענדיגען אייזען.

און איצט, ביי פרוי פאָן קעריך, איז אַלץ צוגעגאַנגען אזוי לייכט. פון זיך אליין, גאָר ניט דארפענדיג איהר פרע־גען, (דאָס וואָלט אזוי פיעל קאָסטען קריסטאָף'ם שטאָלץ!) האָט זי איהם פריינדליך אָנגעוויזען, וואָס ער דארף ניט טאָן, און איהם אויפמערקזאם געמאכט, וואָס ער דארף יא טאָן; איהם געגעבען עצות, ווי אזוי ער דארף זיך אָנטאָן, עסען, געהן, ריידען; האָט ניט דורכגעלאָזען קיין פעהלער אין זיין

האַלטונג, געשמאַק און אויסדריקע; און דערביי איז איהר האַנט געווען אַזוי לייכט און אַזוי פּאַרזיכטיג צו שאַנעווען דעם קריינקליכען שטאָלץ פון קינד, דאָס עס איז ניט געווען מעגליך זיך צו פיהלען באַליידיגט. אַט אַזוי האָט זי איהם גע־געבען אויף אַ ליטעראַרישע ערציהונג, ניט אַרויסווייזענדיג אַפילו, אַז זי קימערט זיך וועגען דעם; זי האָט זיך געמאַכט אַזוי, ווי זי וואָלט זיך גאָר ניט וואונדערן וועגען זיין משונה־דיגע אונוויסענהייט; אָבער זי פלעגט ניט דורכלאָזען קיין געלעגענהייט; פשוט און רוהיג, צו פאַריכטען זיינע טעות'ן: אַזוי ווי עס וואָלט געווען גאַנץ נאַטירליך, אַז קריסטאָף זאָל אַט די טעות'ן מאַכען. און אַנשטאָט איהם איינצושרעקען דורך פּעדאַנטישען אונטעריכט, איז זי געפאַלען אויפ'ן גע־דאַנק אויסצופילען די אָוועַנטען, וואָס זיי פאַרברייננגען צו־זאַמען, דערמיט, וואָס זי האָט געמאַכט מינא'ן, אָדער איהם אַליין, פאַרלייענען שעהנע שטעלען פון היסטאָריע, אָדער פון דייטשע און פרעמדע דיכטער. זי האָט איהם באַהאַנדעלט ווי אַ קינד אין הויז, נאָר אַ קליין ביסעל פון אויבען אַראָפּ, וואָס ער האָט ניט באַמערקט; זי האָט זיך זאָגאַר געקימערט וועגען זיינע קליידער, זיי באַנייענדיג, ווען נויטיג; האָט איהם אויסגעשטריקט אַ האַלז־טוך, און האָט איהם געשאַנ־קען פאַרשידענע טואַלעט־זאַכען; און דאָס אַלץ אויף אַזאַ איידעלן אופן, אַז ער האָט זיך ניט געפיהלט ווי זיך צו שע־מען מיט די מתנות. קורץ, זי האָט איהם אַרומגערינגעלט מיט אַלע יענע קליינע אויפמערקזאַמקייטען און כלומרש־מוטערליכע זאָרג, וואָס יעדע גוטע פרוי האָט אינסטינקטיוו פאַר יעדעם קינד, וואָס מען טרויט איהר אָן, אַפילו ווען זי האָט ניט פאַר איהם קיין טיעפען געפיהל. קריסטאָף אָבער האָט געגלויבט, אַז אַט די גאַנצע צערטליכקייט געהערט איהם

אליין, און איז געווען פול פון דאנקבארקייט; ער פלעגט פלוצלונג און ליידענשאפטליך זיך צוגיסען אין געפיהלען; דאָס פלעגט אפילו ביי פרוי פאַן קעריך אויסקומען אביסעל לעכערליך, פון דעסטוועגען האָט עס איהר פארשאפט פאר־גניגען.

צו מינאַ'ן זיינען די באציהונגען געווען פון אַ גאַנץ אנדער זאַרט. ווען קריסטאָף האָט איהר דערזעהן ביי דער ערשטער שטונדע, נאָך אין גאַנצען פאר'שכור'ט פון די זכרונות פון לעצטען אָווענט, און פון די צערטליכע בליקען פון די מיידעל, איז ער געווען שטארק איבעראַשט צו טרעפען אַ גאַנץ אנדער פארשוין, ווי די, וואָס ער האָט געזעהן מיט עטליכע שעה פריהער. זי האָט קוים זיך ארומ־געקוקט אויף איהם, האָט ניט געהערט, וואָס ער זאָגט; און האָט זי אויפגעהויבען די אויגען צו איהם, האָט ער אין זיי גע־לייענט אזא איזיגע קעלט, אז ער איז געוואָרען שטארק דער־שראָקען. ער האָט זיך לאנג געמאטערט ארויסצוקריגען מיט וואָס ער האָט איהר געקאָנט באליידיגען. אבער באליידיגט האָט ער איהר ניט; און מינאַ'ס געפיהלען זיינען געווען היינט ניט מעהר און ניט ווייניגער פריינדליך ווי נעכטען: היינט ווי נעכטען איז מינאַ געווען אין גאַנצען גלייכגילטיג צו איהם. אויב דעם ערשטען מאָל האָט זי איהם באגעגנט מיט אַ שמייכעל, איז עס געווען ניט מעהר ווי די אינסטינק־טיווע קאָקעטסטוואָ פון אַ יונגע מיידעל, וועלכע אמוזירט זיך דערמיט, וואָס זי פּרובירט אוים די מאכט פון איהרע אויגען אויף דעם ערשטען, וואָס טרעפט זיך איהר אנטקעגען אין איהר לאַנגווייליגקייט, און מעג עס זיין אַ פּודעל הונט. אבער אויף מאָרגען האָט די צו לייכטע עראָבערונג מעהר ניט געהאַט פאר איהר קיין שום אינטערעס: זי האָט קריס־

טאַפ'ן שאַרף געאורטיילט; און אַרויסגעטראָגען דעם פּסק, אַז ער איז ניט מעהר ווי אַ מאוסער, שלעכט־ערצויגענער בחור'ל, וואָס שפּיעלט גוט קלאַוויר, אבער וואָס וואָס האַלט ביים טיש דעם גאָפּעל עקעלהאַפט, און וואָס עסט פיש מיט אַ מעסער. ער האָט איהר דערפאַר אויסגעוויזען גאַנץ ווייניג אינטערעסאַנט. זי האָט, אמת, געוואָלט נעהמען ביי איהם קלאַוויר־שטונדען; זי האָט זאָגאַר מסכים געווען מיט איהם זיך צו אמוזירען, ווייל זי האָט אין יענער מינוט ניט געהאַט קיין אַנדער חבר; און ווייל, ניט קוקענדיג אויף איהר אַנשטעל, אַז זי איז ניט מעהר קיין קינד, פלעגט פון צייט צו צייט איהר באַפאַלען אַ ווילדער פאַרלאַנג זיך צו שפּיעלען, אַ בעדאַרף צו פאַרברויכען איהר איבערפלוס פון פרעהליכקייט, וואָס איז נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרען, ווי ביי איהר מוטער, דורך דעם צוואַנג, וואָס דער פרישער טרויער האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט. אבער זי האָט זיך ניט געקימערט וועגען קריסטאָף'ן מעהר ווי וועגען די שטוביגע בהמה; און אויב עס פלעגט נאָך אַמאָל פּאַסירען אין די טעג פון איהר שטאַרקער קאַלטקייט, אַז זי פלעגט איהם צוּוואַרפען זיסע בליקען, איז עס געווען נאַר פון שכחה, און ווייל זי האָט געטראַכט וועגען אַנדערע זאַכען; אָדער פּשוט, כדי ניט אַפּצוגעוואָהנען זיך. קריסטאָף'ס האַרץ פלעגט ציטערן, ווען זי פלעגט אויף איהם אַזוי אַ קוק טאָן; זי אבער פלעגט איהם גאַר קוים זעהן; דאָס האָט זי גאַר זיך אַליין מעשות דערצעהלט. אָט די יונגע פאַרשוין איז געווען אין אַן עלטער, ווען מען צערטעלט די געפיהלען מיט אַנגענעהמע און שמייכעלהאַפטע חלומות. זי האָט אָהן אַן אויפהער געטראַכט וועגען ליעבע מיט אַזאַ אינטערעס און אַזאַ נייגעריגקייט, וואָס זיינען געווען אונשולדיג נאַר דורך איהר אונוויסענ־

הייט. איבעריגענס, אַלס אַ גוטערצויגענע פריילין, האָט זי געטראַכט וועגען ליעבע נאָר אויף ווי ווייט עס האָט אַ שייכות מיט חתונה האָבען. ווי איהר אידעאַל וועט אויסזעהן, איז ביי איהר נאָך ניט געווען פעסט אָפּגעמאַכט. באַלד פלעגט זי חלומ'ען חתונה צו האָבען מיט אַן אָפיציר, און באַלד — מיט אַ דיכטער פון העכערן און בעסערן זאָרט, אַ מין שילער. איין פּראָיעקט פלעגט צערשטערן אַ צווייטען; און יעדער נייער פּראָיעקט פלעגט אָנגענומען ווערען מיט דער זעלבער ערנסטקייט און טיעפער איבערצייגונג. אָבער סוף כל סוף פלעגט איינער ווי דער אַנדערער מוזען אָפּטרעטען דעם וועג פאַר די ווירקליכקייט; וואָרום עס איז צו באַוואונדערן מיט וואָס פאַר אַ לייכטקייט ראָמאַנטישע יונגע מיידלאָך פאַרגעסען, געוועהנליך, זייערע חלומות, ווען עס ווייזט זיך זיי אַ ווייניגער אידעאַלע, אָבער זיכערערע אויסזיכט.

איבריגענס, איז די סענטימענטאַלע מינאַ דאָך געווען אַ רוהיגע און קאַלטע: ניט קוקענדיג אויף איהר אריסטאָקראַטישען נאָמען און דעם שטאַלץ, וואָס האָט איהר פאַרשאַפען דער „פאָן" ביי איהר נאָמען, האָט זי געהאַט די נשמה פון אַ קליינע דייטשע הויזפרוי אין דעם דעליקאַטען יוגענדעלטער.

קריסטאָף האָט, זעלבסטפארשטענדליך, ווייניג וואָס פארשטאַנען פון קאָמפליצירטען מעכאַניזם — קאָמפליצירטער לפנים, איידער בעצם — פון א ווייבערשער הארץ. אָפט פלעגט ער ווערן מטושטש פון דער האלטונג פון זיינע שעהנע פריינדינען; אבער ער איז געווען אזוי גליקליך מיט זיין ליעבע צו זיי, אז ער פלעגט ניט נעהמען פאר אומגוט קיין זאך, וואָס פלעגט איהם אביסעל בעאונרוהיגען און אומעטיג מאכען, כדי זיך איינצוריידען, אז ער ווערט פון זיי געליעבט אזוי ווי ער ליעבט זיי. א פריינדליך וואָרט, אָדער בליק פלעגען איהם אריינברייגנען אין התפעלות. אָפטמאָל פלעגט ער דורך דעם אזוי ארויסגעבראכט ווערן פון די כלים, אז ער פלעגט אויספלאצען מיט א געוויין.

זיצענדיג ביים טיש, אין קליינעם שטילען זאָל, עטליכע טריט פון פרוי פאָן קעריך, וועלכע האָט אויסגענעהט ביים ליכט פון לאָמפּ, (מינא האָט געלייענט ביים צווייטען עק טיש; קיינער האָט א וואָרט ניט גערעדט; דורך די אָפענע גאָרטען־טיר האָט מען געזעהן די זאמד פון דער אַלייע גלאַנצענדיג אין לבנה׳שיין; א לייכטער מורמלען איז געקומען פון די בוימער...) האָט ער געפיהלט ווי זיין הארץ צופלאצט פון גליק. פלוצלונג, גאָר אָהן א פאר וואָס, איז ער אויפגעשפרונגען פון שטול, האָט זיך א וואָרף געטאָן פרוי פאָן קעריך צו די פיס, האָט געכאפּט איהר האנט — צי זי האָט געהאלטען א נאָדעל, צי ניט, — און זי באדעקט מיט קושען, צודריקענדיג מיט טרעהרען די האנט צו זיין מויל,

זיינע באַקען, זיינע אויגען. מינא הויבט אויף די אויגען פון בוך, טוט לייכט אַ קוועטש מיט'ן פּלייצע, און פאַר־קרימט זיך. פרוי פאָן קעריך קוקט מיט אַ שמייכעל אויפ'ן גרויסען בחור, וואָס וואַלגערט זיך ביי איהרע פיס, טוט מיט'ן האַנט איהם אַ גלעט איבער'ן קאָפּ, און זאָגט מיט איהר שעהנער, האַרציגער און איראָנישער שטים:

„נו וואָס, מיין גרויסער נאַרעלע, נו וואָס? וואָס איז אַזוינס?"

אָ, די זיסקייט פון דער שטים, פון דעם פריעדען, פון דער שטילקייט, פון דער איידעלער סביבה, אהן קולות, אהן גראָבקייט, אהן געוואַלט — אַן אַאַזיס אין מיטען פון רויהען לעבען. דאָס העראַישע ליכט, וואָס באַגולט מיט זיין אָפּשיין די זאַכען און די מענשען פון דער פאַר'כשופ'טער וועלט, וואָס ווערט אַרויסגערופען דורך דאָס לייענען פון די הייליגע דיכ־טער: געטהע, שילער, שעקספּיר — שטראָמען פון קראַפט, פון ליידען און פון ליעבע...

מינא, דער קאָפּ איינגעבויגען, דער פּנים רויטלאַך פון פאַרלייענען, לייענט מיט איהר פרישער, אַביסעל שטשיפּעל־יאַווער, שטים זוכענדיג צו שטעלען דעם טראָפּ העכער, ווען זי רעדט אַרויס די ווערטער פון קריעגס־פיהרער און קעניגע; אַמאָל נעהמט אויך פרוי פאָן קעריך אַליין איבער דאָס בוך; זי גיט דאַמאָלסט צו צו די טראַגישע פּאַסירונגען די גייסטיגקייט און צערטליכקייט פון איהר איי־גענעם הן; אבער דאָס רוב הערט זי זיך צו, זיצענדיג טיעף אָנגעשפּאַרט אין איהר פוטעל מיט איהר אייביגער האַנט־אַרבייט אויף די קניע; זי שמייכעלט אונטער צו איהרע אייגענע געדאַנקען; ווארום נאָך אַלעמען איז עס געווען זי

אליין, וועמען זי פלעגט סוף כל סוף ווידער אויסגעפינען אין אלע ווערק.

קריסטאף האט אויך געפרובירט פארלייענען; אבער ער האט עס געמוזט אויפגעבען: ער האט געשטאמעלט, האט זיך פארפלאנטערט אין די ווערטער, איז אריבערגעשפרונגען די פונקטואציאן, האט אויסגעוויזען גאר ניט צו פאר־שטעהן, און איז אזוי געריהרט געווען, אז ער האט זיך גע־מוזט אפשטעלען ביי ריהרענדע סצענעס, ווייל ער האט גע־פיהלט, אז טרעהרען קומען. האט דאן א ווארף געטאן, א בייזער, דאס בוך אויפ'ן טיש; און זייגע ביידע פריינדינען האבען אויסגעשאסען מיט א געלעכטער... ווי שטארק ער האט זיי געליעבט! ער האט איבעראל מיטגעטראגען זייער בילד מיט זיך; און דאס בילד פלעגט זיך צוזאמענגיסען מיט דער געשטאלט פון שעקספיר, אדער געטהע. ער האט קוים געקאנט אונטערשיידען איינע פון די אנדערע. א גוט ווארט פון וועלכען עס איז א דיכטער, וואס האט פון דער טיעפע־ניש פון זיין נשמה ארויסגערופען א ליידענשאפטליכען ציי־טער, האט ער ניט געקאנט אפזונדערן פון דעם ליעבען מויל, פון וועלכען ער האט דאס ווארט צום ערשטען מאל געהערט. מיט צוואנציג יאהר שפעטער, האט ער ניט געקאנט הערען ווי מען לייענט, אדער זעהן ווי מען שפיעלט עגמאנט אדער ראמעא, אז ביי געוויסע פערזען זאל ווידער זיך ניט ער־וועקען ביי איהם די ערינערונג אן יענע שטילע אווענטען, מיט זייערע חלומות וועגען גליק, און מיט די געליעבטע פנים'ער פון פרוי פאן קעריך און מינא.

ער האט פארבראכט שעה'ן לאנג צו קוקען אויף זיי; אין אווענט, ווען זיי פלעגען לייענען, — ביינאכט, ווען ער פלעגט טרוימען, אדער ווען ער פלעגט זיך אויפכאפען אין

בעט, ליגנדיג מיט אָפענע אויגען, — ביי טאָג, ווען ער פלעגט טרוימען ביי זיין אָרקעסטער־שטענדער, שפּיעלענדיג מעכאַניש, די אויגען האַלב פאַרמאַכט. ער האָט צו ביידען געפיהלט אַן אונשולדיגע צערטליכקייט, און ניט וויסענדיג נאָך בכלל פון ליעבע, האָט ער געמיינט, אַז ער איז פאַר־ליעבט. ער האָט אבער ניט געוואוסט געגוי: צי דאָס איז די מוטער, אָדער די טאָכטער? ער האָט זיך שטאַרק געבראָכען דעם קאָפּ, אָבער ער האָט ניט געוואוסט, וועמען אויסצו־קלייבען. אבער אזוי ווי ער האָט געמיינט, אַז ער מוז אונטער אַלע אומשטענדען זיך באַשליסען, איז ער געווען מעהר גע־נייגט צו פרוי פאָן קעריך. און ער האָט טאַקי באַלד ענט־דעקט, נאָך דעם ווי ער האָט זיך באַשלאָסען, אַז ער ליעבט איהר. ער האָט געליעבט איהרע קלוגע אויגען, דעם צער־שטרייטען שמייכעל פון איהר האַלב־אָפענעם מויל, איהר שעהנעם שטערן, וואָס האָט אויסגעזעהן אזוי יונג, מיט די, אויף א זייט פאַרקאַמטע, שעהנע ווייכע האָר, איהר הייזע־ריקליכע שטים מיט דעם קליינעם הוסט, די מוטערליכע הענט, די עלעגאַנץ פון איהרע באַוועגונגען און איהר פאַר־באָרגענע נשמה. ער פלעגט ציטערן פון גליק, ווען ער פלעגט זיצען לעבען איהר און זי פלעגט גוטמוטיג ערקלעה־רען א געוויסע שטעל אין א בוך, וואָס ער האָט ניט פאַר־שטאַנען; זי פלעגט אוועקלייגען די האַנט אויף זיין פּליי־צע; ער פלעגט פיהלען די וואַרימקייט פון איהרע פינגער, איהר אָטעם אויף זיינע באַקען, און דעם זיסען ריח פון איהר קערפּער; ער פלעגט זיך צוהערען אין התלהבות, ניט טראַכ־טענדיג מעהר וועגען דעם בוך, און קיין זאַך ניט פאַרשטע־הענדיג. זי פלעגט עס באַמערקען, און איהם בעטען איבער־צוזאָגען, וואָס זי האָט אקאַרשט געזאָגט; ער אבער פלעגט

בלייבען שטום ; דאן פלעגט זי איהם מיט א געלעכטער אויס־
זידלען, און צודריקען די נאָז צום בוך, זאָגענדיג, אז ער
וועט קיין מאָל ניט זיין מעהר ווי א קליינער אייזעל. אויף
דעם פלעגט ער ענטפערן, אז דאָס איז איהם גאנץ גלייך, אבי
נאָר ער זאָל זיין א י ה ר קליינער אייזעל, און זי זאָל
איהם ניט פארטרייבען פון זיך. זי פלעגט כלומרשט פראָ־
טעסטירען געגען דעם ; צו ענד אבער פלעגט זי ערקלעהרען,
אז ער איז אפילו א מיאוסער און נאַרישער קליינער אייזעל,
זי וועט איהם פון דעסטוועגען אנהאלטען — און אפשר אבי־
סעל ליעבען אויך — כאָטש ער טויג פאר קיין זאך אין דער
וועלט ניט, — אויב ער וועט נאָר זיין א גוטער אינגעל.
דאן פלעגען זיי ביידע זיך צולאכען, און ער פלעגט שווימען
אין גליק.

זינט ער האָט ענטדעקט, אַז ער ליעבט פרוי פאָן קעריך, האָט קריסטאָף זיך דערווייטערט פון מינא'ן. ער האָט אָנגע־הויבען צו ווערען אין כעס פאַר איהר קאַלטקייט און גאווה; און אַזוי ווי איהם איז אויסגעקומען עפּטער איהר צו זעהן, האָט ער זיך אָנגעקליבען מיט מוט און גענומען זיך האַלטען פרייער געגען איהר, און ניט פאַרבאַרגען פון איהר זיין שלעכ־טע לוינע. זי האָט האַלט געהאַט מיט איהם זיך צו פּיקירען, און ער פלעגט איהר גראָב ענטפערן: זיי פלעגען איינע די אַנדערע שטענדיג אַריינזאָגען אונאַנגענעהמע זאַכען, פון וואָס פרוי פאָן קעריך פלעגט נאָר לאַכען. קריסטאָף, וואָס איז ניט געווען דער זיעגער אין דעם וואָרט־קאַמף, פלעגט אָפטמאָל ווערן אַזוי בייז, אַז ער האָט געמיינט, דאָס ער קאָן מינא'ן ניט פאַרטראָגען; ער האָט זיך איינגערעדט, אַז ער קומט נאָר צוליעב פרוי פאָן קעריך.

פון דעסטוועגען איז ער ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיין קלאַווירשטונדע. צוויי מאָל אַ וואָך, פון ניין ביז צעהן אַזייגער אין דער פריה, פלעגט ער אַכטונג געבען, ווי די יונגע מיידעל שפּיעלט איהרע גאַמעס. דאָס צימער, אין וועלכען זיי פלעגען פאַרברייננגען, איז געווען מינא'ס שטודיר־צימער, — אַ זאָנדערבאַרער ארבייטס־צימער, וואָס האָט מיט אַ מערקווירדיגער טרייקייט אָפּגעשפּיגעלט דעם זאָנדערבאַרען מיש־מאַש, וואָס האָט געהערשט אין אָט דעם קליינעם ווייבערשען מוח.

אויפ'ן טיש — קליינע סטאַטועטקעס פון מוזיקאַלישע

קעץ — א גאַנצער אָרקעסטער — איינע שפּיעלענדיג פידעל, די אַנדערע — וויאָלינטשעל, א קליינער האַנט־שפּיעגעל, שרייבגעצייג און טואַלעט־זאַכען אין פולער אָרדנונג. אויף דער טאַזשעקע קליינינקע ביוסטען פון מוזיקאַנטען: בעטהאָווען מיט א צורונצעלטען שטערן, וואגנער און זיין סאַמעטענער שטרײַמעל — און אַפּאָלאָ פון בעלוועדער. אויפ'ן קאַמין, לעבען א זשאַבע, וואָס רויכערט א ראָהרענע לולקע, א פּאַפּירענער פעכער, אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעמאָלען דאָס טעאַטער פון באַירוט. אין דער ביבליאָטעק, אויף צוויי פּאָליצעס, עטליכע ביכער: ליבקע, מאָמסען, שילער, עפּעס אַ אומבאַקאַנטער, זשול ווערן, מאַנטיין. אויף די ווענט — גרויסע פאָטאָגראַפיעס פון דער סיקסטינישער הייליגער יונגפרוי און פון הערקאָמערס א בילד, אַרום געהאַנגען מיט בלויע און גרינע באַנד. דאָרט איז אויך געווען די אַנזיכט פון א שווייצערישען האָטעל, איינגעפאַסט אין א ראַם פון זילבער דיסטעל; און איבער אַלץ, און איבעראַל, אין יעדען ווינקעל פון צימער — א גרויסע מאַסע פון פאָטאָגראַפיעס פון אָפיצירען, טענאָרען, קאַפּעלמייסטערס, און פון פריינדינען — אַלע פאַרשריבען מיט ווידמונגען, כמעט אַלע מיט פערזען, אָדער, וויינינגסטענס, מיט עטוואָס אַזוינס, וואָס איז אין דייטשלאַנד אָנגענומען צו רעכענען פאַר פערזען. אין מיטען פון צימער, אויף א מאַרמאָרענעם זייל, — בראַהמס'עס ביוסט מיט א באָרד; און איבער דעם קלאַוויר האָבען אויף שנירלאַך זיך געשאָקעלט קליינע פּלושענע אַבעזיאַנקעס און מתנות פון קאָטיליאָן.

מינא קומט אַריין א פאַרשפעטיגטע, מיט אויגען נאָך פאַרשוואָלען פון שלאָף און מיט אַן אונצופרידענעם אויס־זעהן: זי דערלאַנגט קוויים קריסטאָף'ן די האַנט, זאָגט איהם

אַ קאַלטען גוט־מאָרגען, און שטום, ערנסט, פול פון גאוה, זעצט זי זיך ביים קלאַוויר. איז זי אַליין, אַזוי האָט זי גרויס נחת־רוח צו שפּיעלען גאַמעס אָהן אַ סוף, ווייל דאָס גיט איהר אַ מעגליכקייט אויף אַן אַנגענעהמען אופן ווייטער פאַרט־צוזעצען דעם האַלבשלעפעריגען צושטאַנד, און ווייטער צו שפּינען די חלומות, וואָס זי האָט געהאַט. אָבער קריסטאָף צווינגט איהר אויפמערקזאַמקייט אויף די שווערע איבונגען: אום זיך נוקם צו זיין אָן איהם, באַמיהט זי זיך אָפטמאָל זיי צו שפּיעלען ערגער ווי זי וואָלט געקאָנט. זי איז געווען גאַנץ מוזיקאַליש, האָט אָבער ניט האַלט געהאַט קיין מוזיק, ווי אַ סך דייטשקעס. דאָך, ווי זיי, האָט זי זיך אויך איינגע־רעדט, אַז זי דאַרף עס ליבען; און זי האָט גענומען איהרע שטונדען גאַנץ געוויסענהאַפט, מיט אויסנאַהם פון מינוטען פון טייפעלשער בייזקייט, כדי אַריינצוברייגען אין צאָרן איהר לעהרער. נאָך מעהר בייז פלעגט זי איהם מאַכען דורך די אייזינע גלייכגילטיגקייט מיט וועלכער זי פלעגט לערנען. דאָס ערגסטע איז אָבער געווען, ווען זי פלעגט זיך איינריי־דען, אַז זי דאַרף אַריינלייגען די נשמה אין אַן אויסדרוקס־פולען אַרט: זי פלעגט דאַמאָלט ווערן סענטימענטאַל, קיין זאַך ניט פיהלענדיג באמת.

דער קליינער קריסטאָף איז געווען ניט זעהר העפליך, זיצענדיג לעבען איהר. ער פלעגט איהר קיינמאָל ניט מאַכען קיין קאָמפּלימענטען: גאַנץ ווייט דערפון. זי האָט געטראָגען אַ כעס פאַר דעם, און האָט ניט דורכגעלאָזען קיינע פון זיי־נע באַמערקונגען אָהן אַ תשובה. זי פלעגט זיך אַריינלאָזען אין וכוחים וועגען אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט. ווען זי פלעגט מאַכען אַ טעות, פלעגט זי זיך איינשפּאַרען, אַז זי האָט געשפּיעלט אַזוי, ווי עס איז פאַרגעשריבען. ער פלעגט ווערן

בייז, און זיי פלעגען איינע די אנדערע אריינזאָגען באַלייּ
דיגונגען און גראָבהייטען. מיט די אויגען אראָפּגעלאָזען אויף
די קלאָווישען, פלעגט זי דאָך ניט פאַרפעהלען נאָכצוקוקען
קריסטאָף׳ן, און פלעגט אָנקוועלען, וואָס ער קאָכט זיך אַזוי.
כדי זיך אביסעל וויינינער צו נודען, פלעגט זי אויסטראכטען
אַלערליי נארישע שמד׳שטיק, וואָס האָבען געהאט נאָר איין
צוועק: מפסיק צו זיין אין מיטען און צו דערנעהמען קריסּ
טאָף׳ן די יאָהרען. זי פלעגט זיך מאכען, אז עס שטיקט איהר,
כדי זיך צו מאכען אינטערעסאנטער; זי פלעגט מיט אמאָל
זיך שטארק צוהוסטען, אָדער זי האָט עפּעס זעהר וויכטיגעס
צו זאָגען דער שטוב־מיידעל. קריסטאָף האָט געוואוסט, אז
דאָס שפּיעלט זי קאָמעדיע, און מינא האָט געוואוסט, אז
קריסטאָף וויים, אז דאָס איז נאָר א קאָמעדיע, און זי האָט
דערפון געקליבען נחת; ווארום קריסטאָף האָט ניט געקאָנט
ארויסזאָגען, וואָס ער טראכט וועגען דעם.

איין מאָל, ווען זי האָט אויף אזא אופן זיך אונטערּ
האַלטען, צוהוסטענדיג זיך אזוי שטארק, און האַלטענדיג
דאָס טיכעל ביים מויל, אזוי ווי איהר וואָלט געשטיקט, נאָר
אין אמת׳ן, נאָכקוקענדיג מיט א ווינקעל פון אויג קריסּ
טאָף׳ן, איז איהר איינגעפאלען צו לאָזען אראָפּפאלען איהר
טיכעל, כדי צו צווינגען קריסטאָף׳ן עס אויפצוהויבען; ער
האָט עס געטאָן אויף׳ן אונהעפליכסטען אופן אין דער וועלט.
זי האָט איהם באַלוינט מיט „א דאנק“ פון א וואזשנער מאּ
דאם, וואָס האָט איהם כמעט געמאכט צו פּלאצען פון כעס.

זי האָט אויסגערעכענט, אז דער שפּיעל איז א צו גוּ
טער און עס ניט איבערצו׳חזר׳ן. אויף מאָרגען האָט זי אָנּ
געהויבען פון דאָס ניי. אבער קריסטאָף האָט ניט געלאָזען
זיך אריינציהען; ער האָט געברענט פון צארן. זי האָט געּ

וואַרט אַ מינוט, און ראַן אַ זאַג געטאַן אין אַ בייזען טאָן:

— „וועט איהר ניט זיין אזוי גוט און אויפהויבען מיין טיכעל?“

„איך בין ניט אייער דיענער!“ — האָט ער אַ געשריי געטאָן — „הייבט אליין אויף!“

מינאַ איז אַן אַנגעצונדענע געוואָרען. זי האָט אזוי האַסטיג זיך אויפגעהויבען פון ביינקעל, אַז דער ביינקעל איז אומגעפאַלען.

„אַ, דאַס איז שוין צופיעל!“ — האָט זי געזאָגט, אַ זעץ טוענדיג מיט כעס אין קלאַוויר; און איז אַ צוקאָכטע ארויס.

קריסטאָף האָט געוואַרט. זי איז צוריק ניט געקומען. ער האָט זיך געשעמט מיט זיין האַנדלונג. ער האָט געפיהלט, אַז ער האָט געהאַנדעלט, ווי אַ גראָבער יונג. אָבער סוף כל סוף האָט ער שוין ניט געקאָנט מעהר עס אריבערטראָגען! זי האָט חוזק געמאַכט פון איהם, גאָר אָהן שום חרפּה! ער האָט מורא געהאַט, אַז מינאַ זאָל ניט פאַר'מסר'ן איהר מוטער, און דאַס וועט אויף אייביג איהם דערווייטערן פון פרוי פאָן קעריך. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן: וואָרום, כאָטש איהם האָט באַנג געטאָן זיין גראָבקייט, וואָלט ער פאַר קיין זאַך אין דער וועלט ניט געבעטען קיין מחילה.

אויף מאָרגען האָט ער געפּרובירט גליק ווידער צו קומען; כאָטש ער האָט געמיינט, אַז מינאַ וועט זיך ענטזאָגען צו נעהמען די שטונדע. אָבער מינאַ, וואָס איז געווען צו שטאָלץ פאַר וועמען עס איז זיך צו באַקלאָגען; מינאַ, וועמעס געוויסען האָט זיך ניט געפיהלט גאַנץ ריין, האָט זיך באַוויזען, נאָך דעם ווי זי האָט איהם געלאָזען וואַרטען פינף מינוט מעהר ווי געוועהנליך; און זי איז צוגעגאַנגען גלייך צום קלאַוויר שטאָלץ און שטייף, ניט אַ דרעה טאָענדיג

מיט'ן קאָפּ, ניט ארויסרײידענדיג א וואָרט, ווי קריסטאָף וואָלט גאָר ניט עקסיסטירט פאר איהר. זי האָט פון דעסט־וועגען גענומען די שטונדע און די ווייטערדיגע שטונדען, ווייל זי האָט געוואוסט, אז קריסטאָף איז א גרויסער קענער אין מוזיק, און אז זי מוז זיך לערנען קלאוויר שפּיעלען, אויב זי וויל זיין — דאָס וואָס איהר ווילט זיך זיין: א גוטערצויגענע יונגע פרײלין פון א שעהנער משפּחה. אבער ווי לאַנגווײליג דאָס איז איהר געווען! ווי לאַנגווײליג עס איז זיי ביידען געווען!

אין איין נעבעלדיגען מערץ פריהמארגען, ווען א פאר־
כיגער שניי האט זיך געטראגען דורך דער גרויער לופט, האר
בען זיי ווידער זיך געפונען אין שטודיר־צימער. עס איז
געווען נאך קוים טאג. מינא האט, ווי געוועהנליך, גע'טענה'ט
וועגען א פאלשען טאן, וואס זי האט גענומען, אז „אזוי
שטעהט געשריבען". כאטש קריסטאף האט גאנץ גוט גע־
וואוסט, אז זי זאגט א ליגען, דאך האט ער זיך אריבערגע־
בויגען איבער'ן העפט, כדי זיך איינצוקוקען, וואס דארט
שטעהט. זי האט געהאלטען די האנט אויפ'ן שטענדער, און
עס ניט צוגענומען. זיין מויל איז געווען גאנץ נאהענט צו
דער האנט. ער האט געפרובירט לייענען די נאטען, אבער
ער האט ניט געקאנט: ער האט געקוקט אויף עפעס וואס אנ־
דערש — אט די צארטע, דורכזיכטיגע זאך, וואס איז געווען
עהנליך צו די בליהונגען פון בלומען. פלוצלונג (ער האט
אליין ניט געוואוסט, וואס איז איהם דורכגעפלויגען דורכ'ן
קאפ) האט ער מיט זיין גאנצען כח ארויפגעדריקט זיינע ליפ־
פען אויף די הענטל.

זיי זיינען ביידע געווארען גלייך איבערראשט דערפון. ער
האט זיך אווארף געטאן צוריק, זי האט א ציה געטאן די
האנט; און ביידע זיינען רויט געווארען. זיי האבען א ווארט
ניט אויסגערעדט, האבען ניט געקוקט איינער אויפ'ן אנדערן.
נאך א מינוט פון צומישונג און פון שווייגען האט זי ווידער
זיך גענומען פאר'ן שפילען; איהר ברוסט האט זיך געהויר
בען, ווי עפעס וואלט איהר געדריקט; זי האט געמאכט איין

פאַלשען טאָן נאָכ'ן אַנדערן. ער האָט עס ניט געמערקט; ער איז געווען מעהר צוטראָגען ווי זי; עס האָט איהם געהאַמערט אין די שלייפען; ער האָט גאָר ניט געהערט, ניט געוואוסט וואָס זי האָט געשפּילט; און נאָר כדי צו ברעכען דאָס שוויי־גען, האָט ער געמאַכט באַמערקונגען סתם אין דער וועלט אַריין אין אַ פאַרשטיקטען טאָן. ער האָט געמיינט, אַז אין מינאַ'ס אויגען איז ער שוין אין גאַנצען אַ פאַרלאָרענער. ער האָט זיך געשעמט מיט דאָס, וואָס ער האָט געטאָן, און האָט עס געהאַלטען פאַר נאַריש און גראָב. ווען די שטונדע איז פאַריבער, איז ער אַוועק, ניט געבענדיג אַ קוק אויף מינאַ'ן; ער האָט זאָגאַר פאַרגעסען מיט איהר זיך צו געזעגענען. זי אָבער האָט קיין כעס ניט געטראָגען פאַר דעם. זי האָט אַפילו מעהר ניט געטראַכט דערפון, אַז קריסטאָף איז שלעכט־ער־צויגען; און אויב זי האָט גענומען אַזוי פיעל פאַלשע טע־נער, איז עס געווען דערפאַר, ווייל זי האָט ניט אויפגע־הערט איהם פון דער זייט צו באַטראַכטען מיט אַ פאַרוואונ־דערטער נייגעריגקייט. און — צום ערשטען מאָל — מיט סימפּאַטיע.

ווען זי איז געבליבען אַליין, האָט זי, אַנשטאָט צו געהן צו דער מוטער, ווי געוועהנליך, זיך פאַרשלאָסען ביי זיך אין צימער, כדי זיך אָפּצוגעבען דין וחשבון איבער די דאָ־זיגע אויסערגעוועהנליכע פּאַסירונג. זי האָט זיך אַוועקגע־זעצט געגען שפּיגעל, דעם פּנים אונטערגעשפּאַרט פון די הענט. איהרע אויגען האָבען איהר אויסגעוויזען צאַרט און גלאַנצענדיג. זי האָט זיך לייכט געביסען די ליפּען, אַנשטרענ־גענדיג איהרע געדאַנקען; און באַטראַכטענדיג מיט פאַר־גניגען איהר שעהנעם פּנים, האָט זי לאַכענדיג און רויט ווע־רענדיג ווידער געזעהן פאַר זיך די גאַנצע סצענע. ביים

טיש און איז זי געווען היימלאך און לעבעדיג. זי האָט זיך ענט־זאגט צו געהן שפּאַצירען, און איז פּארבליבען אין זאַל אַ גרוי־סען טייל פון נאָכמיטאָג; זי האָט געהאלטען אַ האַנט־אר־בייט, אין וועלכע זי האָט קוים געמאכט צעהן שטעך און די אויך פאַלשע. אבער, וואָס פאַר אַ ווערדע האָט עס! אין אַ ווינקעל פון צימער, מיט'ן רוקען צו דער מוטער, איז זי געזעסען, און געשמייכעלט צו זיך; מיט אַמאָל איז אויף איהר ארויפגעפאלען אַ פּלוצלונגער פערלאַנג זיך צו באוועגען; און זי האָט גענומען ארומשפּרינגען איבער'ן צימער, זינגענדיג הויך אויפ'ן קול. פרוי פאָן קעריך האָט גענומען ציטערן און זיך צושריען, אז זי איז פון זינען אראָפּ. מינא האָט זיך אַ ווארף געטאָן איהר אויפ'ן האלז, זיך קייקלענדיג פאר געלעכטער, און איהר געקושט, ווי זי וואָלט איהר ווע‏לען דערשטיקען.

אין אָוועגט, קומענדיג צו זיך אין צימער, האָט זי נאָך לאַנג זיך ניט געלעגט שלאָפען... זי האָט אַלץ געקוקט אויף זיך אין שפּיגעל, האָט ווידער געזוכט זיך צו דערמאָנען און ניט געקאָנט, ווייל זי האָט דעם גאנצען טאָג נאר וועגען דער איין זאך געטראכט. זי האָט לאַנגזאַם זיך אויסגעטאָן; זי האָט זיך אָפּגעשטעלט יעדען אויגענבליק, זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן בעט, זוכענדיג ווידער זיך פּארצושטעלען קריס־טאָף'ס בילד: עס איז געווען אַ פאַנטאַסטישער קריסטאָף, דער וואָס האָט זיך באוויזען; איצט האָט ער איהר אויסגע־וויזען גאר ניט אזוי מיאוס. זי האָט זיך אוועקגעלייגט, אויס־לעשענדיג דאָס ליכט. אין צעהן מינוט ארום איז די פריה־מאָרגענדיגע סצענע פּלוצלונג איהר ארויף אויפ'ן זינען; און זי האָט זיך צולאכט אויפ'ן קול. איהר מוטער האָט זיך שטיל אויפגעהויבען, געעפענט די טיר, מיינענדיג, אז ניט

קוקענדיג אויפ'ן פאַרבאַט, ליעגנט זי אין בעט. זי האָט געפונען מינא'ן ליגענדיג שטיל, די אויגען ווייט אָפען אין דער האַלב־פינסטערקייט פון נאַכטליכט.

— „וואָס איז אזוינס געשעהן?" — האָט זי גע־פרעגט — „וואָס מאַכט דיך אזוי פרעהליך?"

„גאָר ניט" — האָט מינא ערנסט געענטפערט — „איך טראַכט!"

— „דו ביזט זעהר גליקליך זיך אזוי צו אמוזירען אין דיין אייגענער געזעלשאַפט. אבער איצט דאַרף מען שלאָפען."

„יאַ, מוטער" — האָט מינא געהאָרכזאַם געענטפערט. אין זיך האָט זי געבורטשעט:

„געה דאָך שוין! געה דאָך שוין!"

ביז די טיר האָט זיך ווידער פאַרמאַכט, און זי האָט געקאָנט הנאה האָבען פון איהרע טרוימען. זי איז אריינגע־פאַלען אין א טעמפּער שלעפעריגקייט. שוין האַלטענדיג ביים איינשלאָפען, איז זי ווידער אויפגעשפּרונגען פאַר פרייד:

„ער ליעבט... וואָס פאַר א גליק! ווי שעהן איז עס פון איהם, וואָס ער ליעבט מיך!... ווי ליעב איך האָב איהם!"

זי האָט ארומגענומען איהר קישען, און איז באַלד איינ־געשלאָפען.

ווען דיביידע קינדער זיינען צום ערשטען מאָל ווידער געד
ווען צוזאַמען, איז קריסטאָף געוואָרען איבעראַשט פון מינאַ׳ס
ליעבענסווירדיגקייט. זי האָט איהם געזאָגט גוט מאָרגען, און
איהם געפרעגט אין זעהר א זיסער שטים, ווי איהם געהט;
זי האָט זיך אוועקגעזעצט ביים קלאַוויר מיט זעהר א קלוגער
און באַשיידענער מינע; זי איז געווען א מלאך פון געהאָרכ־
זאַמקייט. זי האָט מעהר ניט געהאט קיינע פון די בייזע קאַפּ־
ריזען פון א שלעכטער שילערין; נאָר זי האָט מיט גרויס
אכטונג זיך צוגעהערט צו קריסטאָף׳ס באַמערקונגען; האָט
אנערקענט זייער ריכטיגקייט; האָט אליין ארויסגעלאָזען א
דערשראָקענעם געשריי, ווען זי האָט געמאַכט עפּעס א פעה־
לער, און געזוכט זיך צו פאַריכטען. קריסטאָף האָט גאָר ניט
פאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך. אין א גאַנץ קורצער צייט
האָט זי געמאַכט א וואונדערבארען פאָרשריט. ניט נאָר האָט
זי געשפּיעלט בעסער, נאָר זי האָט זאָגאר האָלט געקראָגען די
מוזיק. ווי ווייניג חונף ער איז געווען, דאָך האָט ער איהר
געמאַכט א קאָמפּלימענט. זי איז רויט געוואָרען פאר פרייד,
און איהם אָפּגעדאנקט מיט א בליק, וואָס איז געווען פול
מיט טרעהרען פון דאנקבארקייט. זי האָט זיך אויסגעפּוצט
פאר איהם מיט גרויס זאָרג; האָט געטראָגען לענטעס פון
פיקאַנטע פארבען; האָט געשמייכעלט צו קריסטאָף׳ן מיט
ביינקענדע אויגען, וואָס איז איהם ניט געפעלען געווען.
אבער פון דעסטוועגען אויפגערעגט ביז אין דער טיע־
פעניש פון זיין נשמה. איצט איז זי עס געווען, וואָס האָט

געזוכט צו פלוידערן; אבער איהרע געשפּרעכען זיינען גאָר ניט געווען קיין קינדערשע: זי האָט גערעדט ערנסט, און האָט געבראַכט ציטאַטען פון דיכטער פּעדאַנטיש און מיט פּרעטענזיעס. ער האָט קוים געענטפערט; ער האָט זיך גע־פיהלט זעהר ניט באקוועם; אָט די נייע מינא, וועלכע ער האָט ניט געקענט, האָט איהם פארוואונדערט און בעאונרו־היגט.

זי האָט איהם נאָכאַנאַנד נאָכגעקוקט. זי האָט געוואַרט... אויף וואָס? צי האָט זי אליין עס געוואוסט גענוי?... זי האָט געוואַרט, אז ער זאָל ווידער אָנהויבען. — ער אבער האָט זיך געהיט, זייענדיג איבערצייגט, אז ער האָט געהאַנדעלט ווי א גראָבער יונג; עס האָט זאַגאָר אויסגעוויזען, אז ער טראַכט בכלל מעהר ניט דערפון. דאָס האָט איהר גאָר אָפּ־געניטיג געמאַכט; און איין מאָל, ווען ער איז געזעסען גאַנץ רוהיג אויף א געהעריגען מהלך פון די געפעהרליכע קליינע לאַפּקעס, איז איהר באַפאַלען אן אונגעדולד: מיט אזא פּלוצלונגער באוועגונג, אז זי האָט אליין קיין צייט ניט גע־האט נאָכצוטראַכטען, האָט זי ארויפגעדריקט איהר האַנט אויף זיינע ליפּען. ער איז געוואָרען גאַנץ איבערראַשט, נאָכ־הער — בייז און פארשעמט. — ער האָט איהר אפילו ניט וויינינגער ליידענשאַפטליך געקושט, דאָך האָט די דאָזיגע נאַיווע חוצפה איהם אין גרוים צאָרן אריינגעבראַכט; און עס האָט געהאַלטען דערביי, אז ער זאָל איהר לאָזען זיצען.

ער האָט אבער שוין מעהר ניט געקאָנט. ער איז געווען געפאַנגען. א מיש־מאַש פון געדאַנקען האָט געקאָכט אין איהם. ער האָט זיך ניט געקאָנט ארויסגעפינען. ווי א פּאַרע, וואָס הויבט זיך אויף פון א טאָל, אזוי האָבען זיי זיך אויפגע־הויבען פון דער טיפעניש פון זיין הארצען. ער האָט זיך

אוועקגעלאָזען בלינד, אָהן א וועג פאר זיך אין אָט דעם טומאַן פון ליעבע; און וואָס ער האָט ניט געטאָן, אלץ האָט ער זיך געדרעהט ארום דער איין פיקסער אידעע, ארום דעם איין אונבאקאַנטען פארלאַנג, געפעהרליך און פארפיהרעריש, ווי א פלאַם פאר א פליגעלע. עס איז געווען דאָס פלוצלינגע אויפ־קאָכען פון די בלינדע נאַטור־כחות.

זיי זיינען דורכגעגאַנגען דורך אַ פּעריאָד פון וואַרטען. זיי האָבען איינע די אַנדערע בעאָבאַכטעט, געבענקט און מורא געהאַט איינער פאַר'ן אַנדערן. זיי זיינען געווען אונרוהיג. זיי זיינען אפילו אַנגעגאַנגען ווייטער מיט זייערע קליינע סכסוכים און ברוגז'ן; אבער די התקרבות צווישען זיי איז אַראָפּ: זיי האָבען געשוויגען. יעדער פון זיי איז געווען פאַרנומען דערמיט, אויפצובויען זיין ליעבע שטילערהייט.

די ליעבע האָט משונה'דיגע צרויקווירקונגען: פון דעם אויגענבליק, וואָס קריסטאָף האָט באַמערקט, אַז ער ליעבט מינא'ן, האָט ער מיט אמאָל אויך באַמערקט, אַז ער האָט איהר שטענדיג געליעבט. זינט דריי חדשים האָבען זיי זיך כמעט טאָג טעגליך געזעהן; און ער האָט אפילו קיין חשד ניט גע־האַט, אַז ער ליעבט איהר. אבער פון דער מינוט אָן, וואָס ער האָט איהר געקומען ליעבען, איז ער געווען זיכער, אַז ער ליעבט איהר פון אייביג אָן.

עס איז פאַר איהם געווען אַ חיות ענדליך אויסצוגעפי־נען וועמען ער ליעבט. עס איז שוין דאָך געווען אזוי לאַנג, אַז ער האָט געליעבט, ניט וויסענדיג וועמען! ער האָט זיך געפיהלט דערלייכטערט, אַ שטייגער ווי אַ קראַנ־קער, וואָס ליידעט פון אַן אַלגעמיינער קרענקליכקייט, פון אַ ניט קלאָהרע און אויסמאַטערנדע, בעת ער דערפיהלט מיט אמאָל אַ שאַרפען ווייטאָג אויף אַ באַשטימטען אָרט. קיין זאַך מאַטערט אזוי ניט אויס, ווי אַ ליעבע אָהן אַ באַשטימ־טען ציעל: דאָס עסט אויף און זויגט אויס די כחות, ווי

פיבער. — א לײדענשאַפט, װאָס מען קען, טרײבט דעם גײסט צו איבער אנשטרענגונג. דאָס פאַרמאַטערט, אבער מען װײס כאָטש פאַר װאָס.

כאָטש מינא האָט געגעבען קריסטאָף׳ן גענוג אורזאַכען צו גלױבען, אז זי איז ניט גלײכגילטיג צו איהם, דאָך האָט ער ניט אױפגעהערט זיך צו מוטשען מיט דעם געדאַנקען, אז זי פאַראַכטעט איהם. זײ האָבען קײנמאָל ניט געהאַט קײן גאַנץ קלאָהרע פאַרשטעלונג אײנער פון אַנדערן; אבער קײן מאָל איז די פאַרשטעלונג ניט געװען מעהר צופלאָנטערט און פאַלש װי איצט: זי איז באַשטאַנען פון א רײהע פאַנטאַס־טישע אײנבילדונגען, װאָס מען האָט בשום אופן ניט געקאָנט צוזאַמענברײנגען אין אײן בילד; װאָרום זײ פלעגען זיך װאַרפען פון אײן עקסטרעם צו א צװײטען, צושרײבענדיג אײנער דעם צװײטען מעלות און חסרונות, װאָס זײ האָבען גאָר ניט געהאַט: די מעלות, װען זײ זײנען געװען װײטער אײנער פון אנדערן, און די חסרונות, װען זײ זײנען געװען צוזאַמען. בײדע מאָל האָבען זײ א טעות געמאַכט.

זײ האָבען אלײן ניט געװאוסט, װאָס זײ װילען. פאַר קריסטאָף׳ן האָט די ליעבע אָנגענומען די פאָרמע פון יענעם הערשענדען, אבסאָלוטען דורשט נאָך צערטליכקײט, װאָס האָט געברענט אין איהם פון קינדװײז אָן, װאָס ער האָט גע־פאָדערט אױך פון אנדערע, און האָט געװאָלט ארױפצװינגען אױף אנדערע מיט׳ן גוטען אָדער מיט געװאַלט. מינוטענװײז פלעגט צו דעם דעספאָטישען פאַרלאַנג זיך מקריב צו זײן אין גאַנצען, זיך אלײן און די אנדערע — די אנדערע פי־לײכט מעהר נאָך — װערן צוגעמישט אױך א שטורם פון אזא יט באַקאַנטען און ברוטאַלען פאַרלאַנג, װאָס האָט איהם געמאַכט שװינדעלדיג, און װאָס ער האָט ניט פאַר־

שטאַנען. מינא, וואָס איז נייגעריג געווען און ענטציקט צו האָבען א ראָמאַן, האָט געזוכט דערפון ארויסצוציהען אזוי פיעל פארגניגען ווי נאָר מעגליך פאר איהר עגאָיזם און טעמפּעראמענט: זי האָט פון גאנצען הארצען זיך גע־נאַרט מכח דעם, וואָס זי פיהלט. א גרויסער חלק פון זייער ליעבע איז ארויסגעלייענט געוואָרען פון ביכער: זיי האָבען נאָך אמאָל דורכגעלעבט די דורכגעלייענטע ראָמאַנען, און האָ־בען צוגעטראַכט עמפּפינדונגען, וואָס זיי האָבען גאָר ניט געהאַט.

אָבער עס איז געקומען דער אויגענבליק, ווען די אלע קליינע שקרים און דער קליינליכער עגאָיזם זיינען פאר־שוואונדען פאר דעם הייליגען ליכט פון דער ליעבע. א טאָג, א שעה, עטליכע אייביגע סעקונדען... און אלץ איז געקומען אזוי אונערוואַרט!

אײן אָװענט האָבען זײ געפּלױדערט אַלײן. אין צימער איז געװאָרען פינסטער. זײער אונטערהאַלטונג האָט אָנגענומען אַן ערנסטען כאַראַקטער. זײ האָבען גערעדט פון דעם אונענדליכען, פון לעבען, פון טױדט. דאָס האָט געשאַפען אַ ברײטערע ראַהם פאַר זײערע קלײנע געפיהלען. מינאַ האָט זיך באַקלאָגט װעגען איהר אײנזאַמקײט: דאָס האָט, גאַנץ נאַטירליך, געפיהרט קריסטאָף'ן צו ענטפערן, אַז זי איז גאָר ניט אַזױ אײנזאַם, װי זי מײנט.

— „נײן" — האָט זי געזאָגט, צושאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ — „דאָס אַלץ זײנען װערטער. יעדערער לעבט פאַר זיך, קײן מענש אינטערעסירט זיך ניט מיט דיר, קײנער ליעבט דיך ניט."

אַ הפסקה.

„און איך?" — האָט קריסטאָף פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן, בלײך װערענדיג פון אױפרעגונג.

דאָס אימפּולסיװע קלײנע נפש'ל איז אױפגעשפּרונגען, און איהם אָנגעכאַפּט פאַר די הענט.

די טיר האָט זיך געעפענט. זײ האָבען זיך אַ װאָרף געטאָן אין פאַרשידענע זײטען. פרוי פאָן קעריך איז אַרײן. קריסטאָף האָט זיך אײנגעגראָבען אין אַ בוך, װאָס ער האָט געהאַלטען פאַרקעהרט. מינאַ האָט זיך אַריבערגעבױגען איבער איהר אַרבײט, און האָט מיט דער נאָדעל אײנגעשטאָכען אין פינגער.

דעם גאַנצען אָװענט האָבען זײ זיך מעהר ניט געפונען

צוזאמען, און האָבען אויך מורא געהאט פאר דעם. ווען פרוי פאָן קעריך האָט זיך איין מאָל אויפגעהויבען עפּעס צו זוכען אין צווייטען צימער, האָט מינא, וואָס איז, געוועהנליך, געווען ניט זעהר געפעליג, זיך דעם מאָל אָנגעבאָטען עס צו ברייגען פון איהר; און קריסטאָף האָט באַנוצט די געלעגענהייט אוועקצוגעהן, ניט זאָגענידג איהר קיין גוט נאכט.

אויף מאָרגען האָבען זיי זיך ווידער געטראָפען מיט אונגעדולדיג ווייטער אָנצופיהרען זייער איבערגעריסענעם געשפרעך. דאָס האָט זיך זיי בשום אופן ניט איינגעגעבען, כאָטש די אומשטענדען זיינען געווען גינסטיג פאר זיי. זיי זיינען געגאנגען שפּאצירען מיט פרוי פאָן קעריך, און האָבען צעהן מאָל געהאט די געלעגענהייט זיך דורכצוריידען וויפיעל זיי האָט זיך געלוסט. אבער קריסטאָף האָט ניט געקאָנט ריידען: און ער האָט זיך געפיהלט דערפון אזוי אונגליקליך, דאָס ער האָט זיך געהאלטען אויף דעם מעגליכסט ווייטען מהלך פון מינא׳ן. זי האָט זיך געמאכט, ווי זי וואָלט זיין אונהעפליכקייט גאָר ניט באמערקט; אבער עס האָט איהר געקריינקט, און זי האָט עס גאנץ קלאָהר ארויסגעוויזען. ווען קריסטאָף האָט ענדליך זיך אָנגעטאָן א כח ארויסצוריידען א פּאָר ווערטער, האָט זי זיך צוגעהערט מיט אן אייזקאלטער מינע: ער האָט קוים געהאט דעם מוט צו ענדיגען די פּאָר ווערטער; דער שפּאציר איז געווען געענדיגט און ער איז געווען פארצווייפעלט, פאר וואָס ער האָט עס ניט אויסגענוצט.

א וואָך איז אוועק. זיי האָבען שוין געגלויבט, אז זיי האָבען זיך גענארט אין זייערע געגענזייטיגע געפיהלען. זיי זיינען ניט געווען זיכער, צי האָט זיך זיי גאָר ניט גע׳חלומ׳ט די גאנצע סצענע פון יענעם אָוונט. מינא איז געווען ברוגז

אויף קריסטאָף׳ן. קריסטאָף האָט מורא געהאַט איהר אליין צו טרעפען. זיי זיינען געוואָרען אלץ קעלטער און קעלטער איינער צום אַנדערן, ווי ווען עס איז פריהער.

דער טאָג איז געקומען. — עס האָט גערעגענט דעם גאַנ־צען פריהמאָרגען און א טייל פון נאָך מיטאָג. זיי זיינען פארבליבען איינגעשלאָסען אין שטוב, ניט ריידענדיג, ניט לייענענדיג, נאָר גענעצענדיג און קוקענדיג דורכ׳ן פענסטער; זיי האָבען זיך געפיהלט לאנגווייליג און בייז. ארום פיער א זייגער האָט דער הימעל זיך אויסגעלייטערט. זיי זיינען אוועק אין גאָרטען. זיי האָבען זיך אָנגעשפּארט אן דער פּארענצע פון דער טעראסע, באטראכטענדיג די קוסטעס, וואָס האָבען זיך געצויגען בארג אראָפּ צום טייך. די ערד האָט ארויסגעלאָזען א פּארע; א ווארימער טומאַן האָט זיך אויפגעהויבען צו דער זון; טראָפּענס רעגען האָבען גע־גלאנצט אין גראָז; דער נאסער ערד־גערוך האָט זיך צונויפ־געמישט מיט דעם ריח פון די בלומען; ארום זיי האָט גע־זשומט א גאָלדענע מחנה ביהנען. זיי זיינען געשטאַנען הארט איינער לעבען צווייטען און זיך ניט אָנגעקוקט; זיי האָבען זיך ניט געקאָנט באשליסען צו צוברעכען דאָס שווייגען. א ביהן איז געקומען צו פליהען, און האָט אומגעשיקט זיך גע־קלאמערט אַן א בינטעל גליצינען, וואָס איז פון רעגען שווער געוואָרען, און האָט א גאָס געטאָן אויף זיך א גאנצען וואסער־פאל. זיי האָבען צוגלייך זיך פארנאנדערגעלאכט, און אין זעלבען אויגענבליק האָבען זיי דערפיהלט, אז זיי זיינען מעהר ניט בייז איינער אויפ׳ן אנדערן, אז זיי זיינען גוטע פריינד. פון דעסטוועגען האָבען זיי אלץ אויסגעמיטען צו קוקען איי־נער אויפ׳ן צווייטען.

פלוצלונג האָט זי, ניט אומדרעהענדיג דעם קאָפּ, איהם

געגומען פאַר׳ן האַנט און געזאָגט:
„קומט!“

זי האָט איהם גיך געפיהרט צום קליינעם לאַבירינט, וואָס האָט זיך אויפגעהויבען אין מיטען פון וועלדעל, און צו וועלכען עס האָט געפיהרט אַ שטעג, באַזעצט מיט בוקסבוימער. זיי זיינען ארויף געלאָפען דעם בערגעל איבער דער גליטשיגער, ווייך געוואָרענער ערד, און די נאַסע בוימער האָבען אָפגעשאָקעלט זייערע צווייגען איבער זיי. ווען זיי זיינען שוין כמעט געווען אויבען, האָט מינא זיך אָפּגעשטעלט, כדי אָפּצוכאַפּען דעם אָטעם.

„וואַרט אַ מינוט, וואַרט אַ מינוט“ — האָט זי גאַנץ שטיל געזאָגט, זוכענדיג צו שעפּען לופט.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איהר. זי האָט געקוקט אָן אַ זייט; זי האָט געשמייכעלט, פערקייכענדיג זיך מיט אַ האַלב אָפענעם מויל; איהר האַנט איז געווען איינגעשלאָסען אין קריסטאָף׳ס האַנט. זיי האָבען געפיהלט, ווי דאָס בלוט האַמערט אונטער דער הויט פון זייערע צוזאַמענגעפּרעסטע הענט, און ווי זייערע פינגער האָבען געציטערט. ארום זיי האָט געהערשט אַ שטילקייט. די בלאַסע אָפּצווייגונגען פון די בוימער האָבען געפלאַטערט אין זון. אַ קליינער רעגען האָט געטריפט פון די בלעטער מיט אַ זילבערקלאַנג; און דורכ׳ן הימעל האָט זיך דורכגעריסען דער גרילצענדער געשריי פון שוואַלבען.

זי האָט אויסגעדרהעט דעם קאָפּ צו איהם: עס איז געווען ווי אַ בליץ. זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן איהם אויפ׳ן האַלז; ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין איהרע אָרימס.

— „מינא, מינא, מיין טייערע!“

„איך ליעב דיך, קריסטאָף! איך ליעב דיך!“

זיי האָבען זיך אַראָפּגעלאָזען אויף אַ נאַסער הילצערנער באַנק. זיי זיינען געווען פול פון ליעבע, פון אַ זיסער, טיעפער, נאַרישער ליעבע. אַלעס איבעריגע איז פאַרשוואונדען. ניטאָ מעהר קיין עגאָיזם, קיין פּוסטע גאוה, קיינע הינטערגעדאַנקען. אַלע שאַטענזייטען פון דער נשמה זיינען אָפּגעווישט געוואָרען פון דעם ליעבעסאָטעם. ליעבע, ליעבע — האָבען גערעדט איהרע לאַכענדע, פון טרעהרען פייכטע, אויגען. אָט די קאַלטע, קאָקעטישע קליינע מיידעל, אָט דער שטאָלצער אינגעל האָבען געברענט מיט דעם פאַרלאַנג זיך אָפּצוגעבען אין גאַנצען, זיך מקריב צו זיין, צו ליידען, צו שטאַרבען איינער פאַר'ן אַנדערן. זיי האָבען זיך אַליין מעהר ניט דערקענט, זיי זיינען מעהר ניט געווען דיזעלבע; אַלץ האָט זיך געביטען: זייער האַרץ, זייערע געזיכטציגען, זייערע אויגען. וואָס האָבען געשטראַהלט פון גוטסקייט און פון אַ ריהרענדער צערטליכקייט. מינוטען פון ריינקייט, פון ענטזאַגונג, פון פאָלשטענדיגער איבערגעבונג פון זיך אַליין, וואָס קומט נאָך איין מאָל ניט פאַר אין לעבען!

נאָך אַ פאַרליעבטער שטאַמלעריי, נאָך ליידענשאַפטליכע שבועות אייביג צו געהערען איינער צום צווייטען, נאָך קושען און ווערטער פון גליק אָהן אַ סדר, האָבען זיי באַמערקט, אַז עס איז שוין שפּעט. זיי האָבען גענומען לויפען צוריק, זיך האַלטענדיג ביי די הענט, אין שטענדיגער געפאַהר אומצופאַלען אין דער שמאָלער אַלייע, אַפילו זיך אָפּקלאַפּענדיג אָן די בוימער, האָבען זיי עס ניט געפיהלט, בלינדע און פאַד'שכור'טע פון פרייד.

ווען זיי זיינען זיך פאַרנאַנדערגעגאַנגען, איז ער ניט אַוועק אהיים: ער וואָלט ניט געקאָנט איינשלאָפען. ער איז אַרויס פון שטאָדט, און האָט שפּאַצירט איבער די פעלדער:

ער איז אוועק אין דער נאכט אויף גאָטס באראָט. די לופט איז געווען פריש, דאָס לאנד איז געווען פינסטער און פארלאָזען. א סאווע האָט זיך צוקוויטשעט גרילצענדיג. ער איז ארויף דעם בערגעל צווישען די ווייגשטאָקען. די קליינע ליכט פון שטאָדט האָבען געציטערט אונטען אין טאָל; און אין טונקעלן הימעל — די שטערן. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף א פארקאן ביים וועג, און האָט פלוצלונג אויסגעבראכען אין טרעהרען. ער האָט אליין ניט געוואוסט פאר וואָס. ער איז געווען צו גליקליך; און די איבערמאָס פון זיין פרייד איז באשטאַנען פון טרויער און פרייד; עס האָט זיך אויך דורכגעמישט א דאנקבארקייט פאר זיין גליק און א רחמנות מיט די, וואָס זיינען ניט גליקליך; א מעלאנכאָלישער, אבער זיסער, געפיהל פון דעם, אז קיין זאך האָט קיין קיום ניט, א פארשכור'ונג מיט'ן לעבען. ער האָט געוויינט מיט פארגניגען, און וויינענדיג איז ער איינגעשלאָפען. ווען ער האָט זיך אויפגעכאפט, האָט שוין געטאָגט. ווייסע טומאנען האָבען זיך געצויגען איבער דעם טייך, און האָבען איינגעוויקעלט די שטאָדט, וואו מינא האָט געשלאָפען, צובראכען פון פארמאַטערטקייט, אבער דאָס הארץ באלויכטען פון א גליק־געלעכטער.

גלייך אויף מאָרגען האָט זיי אָפּגעגליקט זיך ווידער צו טרעפען אין גאָרטען, און פון דאָס ניי צו זאָגען, אז זיי ליעבען זיך; אבער עס איז שוין מעהר ניט געווען די הייליגע אונשולד פון נעכטען ביינאַכט. מינא האָט אביסעל געשפּיעלט די פאַרליעבטע; און אויך ער, כאָטש פיעל אויפריכטיגער, האָט אויך געשפּיעלט א ראָלע: זיי האָבען גערעדט וועגען דעם, וואָס פאַר א לעבען זיי וועלען פיהרען. ער האָט זיך באַקלאָגט אויף זיין אָרימקייט און זיין נידעריגען מצב. זי האָט געשפּיעלט די גרויסמטויגע, און זיך געקוויקט מיט איהר גרויסמוט. זי האָט גע'טענה'ט, אז זי איז גלייכגילטיג צו געלט. דאָס איז געווען אמת, ווארום זי האָט ניט געוואוסט, וואָס געלט איז, ניט וויסענדיג, וואָס עס הייסט פעהלען געלט. ער האָט איהר פאַרשפּראָכען צו ווערען א גרויסער קינסטלער; דאָס האָט זי געפונען פאַר אינטערעסאַנט און שעהן ווי אין א ראָמאַן. זי האָט געהאַלטען פאַר איהר פליכט זיך אויפצופיהרען ווי אן אמת'ע פאַרליעבטע. זי האָט דער־פאַר געלייענט פּאָעזיע, און איז געוואָרען סענטימענטאַל. ער איז געוואָרען דערפון אָנגעשטעקט. ער האָט אָנגעהויבען זיך צו פוצען אין אָנטאָן זיך, און איז געוואָרען דערפון לעכערליך; ער האָט גענומען זיך היטען ווי זיך אויסצודריקען און איז געוואָרען פּרעטענציעז. פרוי פאָן קעריך האָט געקוקט אויף איהם לאַכענדיג און זיך געפרעגט: וואָס האָט איהם געמאַכט אזוי נאַריש?

זיי האָבען פון דעסטוועגען געהאַט אויך מינוטען פון

העכסטער פאעזיע, וואָס פלעגען פלוצלונג אויפלייכטען אין מיטען פון בלאַסען טאָג, ווי א זון־שטראַהל אין מיטען פון נעבעל. אָפט איז עס געווען נאָר א בליק, א באוועגונג, א וואָרט וואָס האָט גאָר ניט באַדייט און דאָך זיי געמאַכט זיך צו באָדען אין גליק; דאָס זיינען געווען די „צום ווידערזעהן׳ס“ ביינאַכט, אויף די שלעכט־באַלויכטענע טרעפּ; די אויגען, וואָס האָבען איינע די אַנדערע געזוכט און זיך געפונען אין דער האַלב־פינסטערניש; דאָס אויפטרייסלען פון די הענט, וואָס האָבען זיך אָנגעריהרט איינע אָן די אַנדערע; דאָס ציטערן פון דער שטים; די אַלע קליינע נאַרנישט׳ן. די ערינג־רונג אָן דאָס אַלץ פלעגט ווערען געדיכטער ביינאַכט, ווען זיי האָבען געשלאָפען זייער לייכטען שלאָף, פון וועלכען זיי פלעגען זיך אויפכאַפען יעדע שעה, ווען דער זייגער פלעגט שלאָגען און ווען זייער האַרץ פלעגט זינגען, ווי דאָס מורמלען פון א קוואַל: „איך בין געליעבט“.

זיי האָבען אַנטדעקט די שעהנקייט פון אַלץ אין דער וועלט. דער פריהלינג האָט געשמייכעלט מיט א וואונדערבאַר־דער זיסקייט. דער הימעל האָט געהאַט א גלאַנץ; די לופט — א ווייכקייט, וואָס זיי האָבען פריהער גאָר ניט געוואוסט. די גאַנצע שטאָדט, די רויטע דעכער, די אַלטע מויערן, די שלעכט־ברוקירטע גאַסען זיינען געוואָרען באַצויגען מיט א חן, וואָס האָט קריסטאָף׳ן גערירהרט. ביי נאַכט, ווען אַלץ אַרום האָט געשלאָפען, פלעגט מינאַ אויפשטעהן פון בעט און זיך אוועקשטעלען ביים פענסטער א שלעפעריגע און פיבערישע. און אין די נאָכמיטאַגען, ווען ער פלעגט ניט קומען, פלעגט זי זיצען אין וויעגשטול א פאַר׳חלום׳טע, מיט א בוך אויף די קניע און די אויגען האַלב פערמאַכט, אין א שלעפעריגע און גליקליכע פאַרמאַטערטקייט, דער גוף און די נשמה שווע־

בענדיג אין דער פריהלינג־לופט. זי האָט איצט פארבראכט שטונדענלאַנג ביים קלאַוויר, איבער׳חזר׳נדיג מיט א געדולד, וואָס האָט די אַנדערע שטארק דערעסען, די אקאָרדען און גאַמעס. ביז זי פלעגט ווערן פון איפרעגונג קאַלט און בלייך. זי פלעגט וויינען הערענדיג שומאַנס מוזיק. זי האָט זיך גע־פיהלט פול מיט רחמנות און גוטסקייט פאר אַלעמען; און מיט איהם איז געוועזען ווי מיט איהר. זיי פלעגען געבען באַ־האַלטענע נדבות צו די אָרימע לייט, וואָס זיי פלעגען טרעפען, און פלעגען דערביי זיך איבערוואַרפען מיט צושטימענדע בליקען; זיי זיינען געוועזען גליקליך צו זיין אזוי גוט.

באמת גערעדט, זיינען זיי עס געוועזען נאָר ביי געלעגענ־הייטען. מינא האָט פּלוצלונג ענטדעקט, ווי טרויעריג עס איז דאָס באַשיידענע און איבערגעבענע לעבען פון דער אַלטער פרידא, וועלכע דיענט שוין אין הויז זינט דער קינדהייט פון איהר מוטער; און זי איז גיך אוועקגעלאָפען צו איהר און זיך איהר געוואָרפען אויפ׳ן האַלז, צו דער גרויסער פאר־וואונדערונג פון דער גוטער אלטיטשקער, וואָס האָט געראַדע בשעת מעשה געהאַלטען אין פאריכטען וועש אין קיך. דאָך דאָס האָט איהר ניט געשטערט אין צוויי שעה אַרום שטרענג איהר אויסצורייידען, פאר וואָס זי איז ניט געקומען ביים ערשטען קלונג פון גלעקעל. און קריסטאָף, וואָס האָט גע־ברענט מיט ליעבע צו אַלע מענשען, און איז נעגאַנגען א שטיק אַרום, אבי נאָר ניט צו צערטרעטען א חיה׳לע, איז גע־ווען פול מיט גלייכגילטיגקייט צו זיין אייגענער פאַמיליע. דורך א זאָנדערבאַרע רעאַקציע, איז ער געוועזען אַלץ קעלטער און טרוקענער צו זיינע אייגענע, וואָס מעהר הארציגקייט ער האָט אַרויסגערופען צו פרעמדע; ער האָט קוים געטראַכט וועגען זיי; ער האָט גערעדט מיט זיי בייז, און האָט זיי גע־

זעהן מיט גאַנץ ווייניג חשק. זייערביידענס גוטסקייט איז געווען נאָר פון צופיעל צערטליכקייט, וואָס האָט פון צייט צו צייט זיך אריבערגעגאָסען איבער די כלים, און פון וועלכער דער ערשטער, צופעליגער פארבייגעהער האָט גענאָסען. מיט אויסנאהם פון אזוינע קריזיסען זיינען זיי געווען נאָך מעהר עגאָיסטיש ווי געוועהנליך; ווארום זייער גייסט איז געווען פול נאָר מיט איין איינציגען געדאנק, און אלץ האָט זיך געדרעהט ארום איהם.

וואָס פאר א פלאַץ האָט אין קריסטאָף'ס לעבען פאר־נומען די געשטאלט פון אָט דער יונגער מיידעל! וואָס פאר אן אויפרעגונג, ווען זוכענדיג איהר אין גאָרטען, פלעגט ער באמערקען פון ווייטענס די ווייסע קליידעל; — ווען אין טעאטער, זיצענדיג עטליכע טריט ווייט פון זייערע נאָך פוסטע, פלעגט ער דערהערען דעם סקריפ פון די טיר פון זייער לאזשע און די לאכענדיגע שטים, וואָס ער האָט אזוי גוט געקענט; — ווען ער פלעגט אין א פרעמדען גע־שפרעך צופעליג דערהערען ווי מען דערמאָנט דעם טייערן נאָ־מען פאָן קעריך! ער פלעגט בלאס און רויט ווערן; אין פארלויף פון אייניגע מינוטען פלעגט ער מעהר קיין זאך ניט הערען און ניט זעהן. און באלד נאָכדעם פלעגט א שטראָם פון בלוט זיך צוגיסען איבער זיין גאַנצען קערפער, א בעפאָל פון אומבאקאנטע כחות.

אָט די קליינע, נאַיווע און תאוה'דיגע דייטשקע האָט געוואוסט פון זונדערבארע קונץ־שטיק. זי האָט אוועקגעלייגט איהר רינג אויף א קופקע מעהל און זיי האָבען געמוזט מיט די ציינער עס אראָפּנעהמען פון דאָרט איינער נאָך'ן אנדערן און ניט ווייס מאַכען די נאָז. אָדער זי האָט דורכגעצויגען א פאָדים דורך א סוכארקע, און יעדער פון זיי האָט גענומען א

ברעג פון פּאַדים אין מויל; און עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגן דעם, קייענדיג דעם פּאַדים, וואָס שנעלער צו צוקור־מען צו דער סוכארקע און עס אָפּצובייסען. זייערע פינמ'ער פלעגען זיך דערביי אַלץ מעהר דערנעהענטערן; זייער אָטעם פלעגט זיך דורכמישען; זייערע ליפּען — זיך אָנריהרען; זיי פלעגען לאַכען מיט א געמאַכטען געלעכטער, און זייערע הענט פלעגען ווערן אייזקאַלט. קריסטאָף'ן פלעגט באַפאַלען א פאַרלאַנג צו בייסען, און וועה צו טאָן; ער פלעגט זיך אַ כאַפּ טאָן צוריק, און זי פלעגט לאַכען ווייטער מיט א גע־מאַכטען געלעכטער. זיי פלעגען זיך דאָך אָפּקעהרען איינער פון אַנדערן, זיך מאַכען בלומרשט גלייכגילטיג און שטילער־הייט כאַפּען א בליק איינער אויפ'ן אַנדערן.

אָט די אונרוהיגע שפּיעלען האָבען געהאַט פאַר זיי אַן אויפרעגענדע צוציהונגס־קראַפט: זיי פלעגען עס זוכען און וויבען דערפון. קריסטאָף האָט מורא געהאַט פאַר דעם, און האָט שוין בעסער פאַרגעצויגען אַזוינע אָנגעצויגענע באַגע־געגנישען, ביי וועלכע פרוי פאָן קעריך אָדער ווער אַנדערש איז געווען אַנוועזענד. קיינעמ'ס אונפּאַסיגע אַנוועזענהייט האָט ניט געקאָנט שטערן די אונטערהאַלטונג פון זייערע פאַרליעבטע הערצער; שטערונגען האָבען עס געמאַכט נאָך שטאַרקער און זיסער. אַלץ האָט דאַמאָלט ביי זיי באַקומען א גרויסען ווערט: א וואָרט, א דרעה מיט די ליפּען, א בליק זיינען געווען גענוג צו מאַכען דורך־שיינען דורך דעם באַנאַלען שלייער פון זייער וואָכעדיגער עקסיסטענץ דעם רייכען, נאָך ניט אָנגעריהרטען אוצר פון זייער אינעווייניגסטען לעבען. נאָר זיי אַליין האָבען עס געקאָנט זעהן: אַזוי, ווענינסטענס, האָבען זיי געמיינט, און געלאַכט גליקליכע מיט זייער קליינעם סוד. צוהערענדיג זיך צו זייערע ווערטער, האָט מען ניט

געקאָנט באמערקען מעהר ווי א געוויינליכען סאלאן־געשפרעך
וועגען גלייכגילטיגע זאכען; פאר זיי אבער איז עס געווען
דאָס אייביגע ליעד פון ליעבע. זיי האָבען געלייענט די אם
שנעלסטען פארבייגעהענדע ענדערונגען אין זייער געזיכטס־
שטריכען און שטים, ווי פון אן אָפענעם בוך; זיי וואָלטען גע־
קענט אַזוי לייענען, אויך מיט פארמאַכטע אויגען; וואָרים
זיי האָבען נאָר געדארפט זיך צוהערען צו דעם אייגענעם
הארצען, כדי דאָרט צו הערען דעם אָפקלאַנג פון הארצען פון
זייער געליעבטען. זיי זיינען געווען פול אריבער מיט
פערטרויען אין לעבען, אין גליק, אין זיך. זיי האָבען גע־
ליעבט, געווען געליעבט, געווען גליקליך אָהן א שאָטען, אָהן
צווייפעל, אָהן זארג וועגען דער צוקונפט. אָ, די וואונדערבארע
לויטערקייט פון אָט די פריהלינגס טעג! קיין איין וואָלקען
אין הימעל, א גלויבען, וואָס איז אזוי פעסט! עס האָט אויס־
געוויזען, דאָס קיין זאך וועט איהם קיינמאָל ניט באפלעקען.
א פרייד, וואָס איז פול, דאָס קיין זאך האָט איהר ניט גע־
קאָנט אויסשעפען. צי האָבען זיי געליעבט? צי האָבען זיי
געטרוימט? געווים, זיי האָבען געטרוימט. קיין זאך איז ניט
געווען געמיינזאם צווישען דעם לעבען און זייערע טרוי־
מען. קיין זאך ניט. נאָר אין אָט דער שעה פון כשוף זיינען
זיי אליין געווען ניט מעהר ווי א טרוים: זייער לעבען איז
געווען צושמאָלצען אין דעם הויך פון ליעבע.

עס האט ניט גענומען לאנג פאר פרוי פאן קעריך צו באמערקען זייערע קליינע פארשטעלענישען, וועלכע זיי האבען געהאלטען פאר זעהר קונציג, אבער וועלכע זיינען געווען באמת ניט געראטען. מינא האט באקומען א שטיקעל פארדאכט, זינט איהר מוטער איז איינמאל אריין אונערווארטעט, ווען זי האט גערעדט מיט קריסטאף'ן אביסעל נאהענטער ווי עס פאסט זיך, און ווען ביים קלאפ פון טיר זיינען זיי זיך צולאפען איינער פון אנדערן שטארק צומישטע. פרוי פאן קעריך האט זיך געמאכט ווי זי וואלט קיין זאך ניט באמערקט. מינא'ן האט עס כמעט פארדראסען. איהר האט זיך געוואלט האבען א קאמפף מיט דער מוטער: דאס וואלט דאך געווען ראמאנטישער.

איהר מוטער האט זיך אבער גוט געהיט ניט צו געבען איהר פאר דעם קיין געלעגענהייט: זי איז געווען צו קלוג זיך צו בעאונרוהיגען אדער איהר צו מאכען א באמערקונג וועגען דעם. זי האט אבער פאר מינא'ן גערעדט וועגען קריסטאף'ן מיט איראניע, מאכענדיג חוזק אהן רחמנות פון זיינע לעבערליכע זייטען: זי האט איהם פארניכטעט אין עטליכע ווערטער. זי האט דערביי קיין חשבונות ניט געמאכט: זי האט עס געטאן אינסטינקטיוו, מיט דער נאטירליכער פאלשקייט פון א גוטער פרוי, וואס פארטיידיגט איהר אייגענם: מינא האט געמעגט זיך שטעלען אנטקעגען, זיך בלאזען, זיין גראב און אפלייקענען די ריכטיגקייט פון איהרע באמערקונגען: זיי זיינען פארט געווען ריכטיג; און פרוי פאן קעריך

האָט פאַרמאָגט אַ גרויזאַמע קונסט צו טרעפען אין שוואַכ־טען פונקט. קריסטאָף'ס גרויסע, גראָבע שטיוועל, זיינע מיאוסע קליידער, זיין שלעכט אויסגעפוצטער הוט, זיין קליינשטעטעלדיגע שפּראַך, זיין לעבערליכער זאָרט באַגרי־סען זיך, זיין הויכער, וואולגאַרער לאַכען, קיין זאַך איז ניט פאַרגעסען געוואָרען, וואָס עס האָט געקאָנט אַנריהרען מי־נאַ'ס זעלבסטליעבע; עס זיינען שטענדיג געווען נאָר איינ־פאַכע באַמערקונגען, אַרויסגעזאָגט לאַחר יד; קיין מאָל האָט עס ניט אָנגענומען די פאָרמע פון אַן אָנקלאַגע; און ווען מינאַ פלעגט זיך פיהלען געקריינקט און זיך שטעלען דיבאָם צו ענטפערן, פלעגט פרוי פאָן קעריך גאָר אין אַן אונשולדיגען טאָן ריידען וועגען גאַנץ אַנדערע זאַכען. אַבער דער פייל פלעגט בלייבען שטעקען און מינאַ פלעגט זיין געטראָפען.

זי האָט אָנגעהויבען צו קוקען אויף קריסטאָף'ן מיט אַ ווייניגער צערטליכען בליק. ער האָט עס אונקלאָהר גענומען פיהלען און איהר געפרעגט, אַז אונרוהיגער:

— „פאַרוואָס קוקסטו אויף מיר אַזוי?"

זי האָט געענטפערט:

„אַזוי זיך"!

אָבער אין אַ מינוט אַרום, ווען ער איז שוין געווען היימ־ליך, האָט זי איהם בייז אויסגערעדט, פאַר וואָס ער לאַכט אַזוי הויך. ער איז געוואָרען אַ צומישטער, ווארום קיין מאָל איז איהם גאָר ניט איינגעפאַלען, אַז ער זאָל זיך דאַרפען קאָנטראָלירען פאַר איהר, ווען ער לאַכט: די גאַנצע פרייד

איז געווען צושטערט. אָדער, ווען ער האָט געפּלוידערט, זיך פאַרגעסענדיג אַן אַלץ, האָט זי אַ פאַרטראַכטע איהם פּלוצלינג איבערגעריסען צו מאַכען אַ ניט־פריינדליכע באַמערקונג וועגען זיין טואַלעט; אָדער זי האָט פאַרריכט זיינע פראַסטע אויסדריקע מיט אַ פּעדאַנטישער בייזקייט. ער האָט פאַרלאָרען דעם חשק בכלל עפּעס צו ריידען, און איז צייטענווייז געווען גאַנץ גראָב. נאָכהער האָט ער זיך גענומען איינריידען, אַז דאָס וואָס זיינע מאַניערען מאַכען איהר בייז, איז אַ באַווייז, וואָס פאַר אַ גרויסען אינטערעס מינאַ נעהמט אין איהם; און זי האָט זיך אויך איינגערעדט אַזוי. ער האָט אונטערטעניג געפּרובירט זיך צו באַנוצען דערמיט. זי אָבער האָט איהם דאַפיר ניט געדאַנקט, וואָרום דאָס האָט איהם זעלטען ווען זיך איינגעגעבען.

אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין צייט — און אויך מינאַ ניט — צו באַמערקען די ענדערונג, וואָס איז פאַרגעקומען אין איהר: פּסח איז געקומען, און מינאַ האָט געזאָלט מאַכען מיט דער מוטער אַ קליינע רייזע צו קרובים ניט ווייט פון ווייַמאַר.

אין דער לעצטער וואָך פאַר דער צושיידונג, האָבען זיי ווידער געפונען די שטימונג פון דער ערשטער וואָך. מיט אויסנאַהם פון עטליכע קליינע באַמערקונגען, איז מינאַ געווען הארציגער ווי ווען עס איז: דעם אָוונט פאַר'ן אָפּפאָהרען האָבען זיי געמאַכט אַ לאַנגען שפּאַציר אין גאָרטען; זי האָט געהיימניספול קריסטאָף'ן אָוועקגעשלעפּט טיעף צווישען די געדיכטע ביימער, און איהם אויפגעהאַנגען אויפ'ן האַלז אַ פּאַרפומירטע זיידענע בייטעל, אין וועלכע זי האָט אריינגעלייגט אַ לאָקען פון איהרע האָר. זיי האָבען פון דאָס נייע זיך געשוואָרען אייביגע טרייהייט, און פאַרשפּראָכען יעדען

טאָג צו שרייבען איינער צום צווייטען; אין הימעל האָבען זיי אויסגעקליבען אַ שטערן, וואָס זאָל קוקען אויף זיי ביידען יעדען אָוועגט צו דער זעלבער צייט.

דער אונגליקליכער טאָג איז געקומען. צעהנמאָל האָט ער זיך געפּרעגט אין פאַרלויף פון דער נאַכט: „וואו וועט זי מאָרגען זיין?" און איצט האָט ער געטראַכט: „היינט איז עס; היינט אין דער פריה איז זי נאָך דאָ; היינט אין אָוועגט וועט זי שוין מעהר ניט זיין." נאָך פאַר אַכט אזייגער איז ער אָוועק צו איהר. זי איז נאָך ניט געווען אויפגעשטאַנען. ער האָט געפּרובירט זיך ארום דרעהען אין גאָרטען; ער האָט ניט געקאָנט, און איז געקומען צוריק. די קאָרידאָרען זיינען געווען פול מיט קאַסטענס און טשעמאָדאַנעס. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט אין אַ ווינקעל פון צימער, זיך צוהערענדיג צו דעם קלאַפּען פון די טירען און צום גערויש פון די פּאָדלאָגע, דערקענענדיג די טריט, וואָס זיינען ארומגעגאַנגען הין און צוריק אויפ'ן אויבערשטען עטאַזש. פרוי פאָן קעריך איז פאַרבייגעגאַנגען; איהם בערזעהענדיג, האָט זי אַ לייכטען שמייכעל געטאָן און, זיך ניט אָפּשטעלענדיג, איהם צוגעוואָרפען אַ שפּאַטישען גוט מאָרגען. ענדליך האָט זיך מינא באַוויזען. זי איז געווען בלייך, און איהרע אויגען זיינען געווען פאַרשוואָלען; זי האָט די נאַכט געשלאָפען אזוי ווייניג ווי ער: מיט אַ וויכטיגער מינע האָט זי געגעבען באַפעהלען צו די דיענסטען; זי האָט קריסטאָף'ן דערלאַנגט די האַנט, רייד־ענדיג ווייטער מיט דער אַלטער פרידאַ. זי איז שוין געווען

פארטיג צו דער רייזע. פרוי פאַן קעריך איז געקומען צוריק. זיי האָבען ביידע זיך דורכגערעדט וועגען אַ שאכטעל פון אַ הוט. מינא האָט אויסגעוויזען גאָר ניט צו באמערקען קריסטאָף׳ן, וועלכער איז געשטאַנען ביים קלאַוויר פארגעסען און אונגליקליך. זי איז ארוים מיט דער מוטער, און איז באלד צוריקגעקומען; פון שוועל האָט זי נאָך עפּעס צוגעשריען צו פרוי פאַן קעריך. זי האָט פארמאכט די טיר. זיי זיינען געווען אליין. זי איז צוגעלאָפען צו איהם, אַנגעכאַפּט איהם פאר׳ן האנט און אריינגעשלעפּט אין צווייטען קליינעם צימער, וואו די פאָרהאַנגען זיינען געווען אראָפּגעלאָזען. דאָרט האָט זי פלוצלונג צוגעדריקט איהר געזיכט צו קריסטאָף׳ס און קרעפטיג, מיט אַלע כחות, איהם אַנגעהויבען קושען. זי האָט געפרעגט וויינענדיג:

„פארשפּרעכסטו מיר, פארשפּרעכסטו מיר, אַז דו וועסט מיך אייביג ליעבען?“

זי האָט געכליפּעט גאַנץ שטיל, מאכענדיג קאָנוואולסיווע אַנשטרענגונגען, אַז מען זאָל עס ניט הערען. ביי דעם גערויש פון טריט, זיינען זיי זיך פארנאַנדערגעגאַנגען. מינא האָט אויסגעטריקענט די אויגען, און האָט ווידער ארויפגעצויגען אויף זיך די וואַזשנע האַלטונג געגען די דיענסטען; איהר שטים האָט אבער געציטערט.

עס האָט זיך איהם איינגעגעבען צוצונעהמען איהר טיכעל, וואָס זי האָט אראָפּגעוואָרפען: דאָס קליינע, בלאָטיגע, פון טרעהרען נאַסע טיכעל.

ער האָט באַגלייט זיינע פריינדינען אין זייער קאַרעטע ביז צום וואקזאַל. זיצענדיג איינער אַנטקעגען דעם אנדערן, האָבען די ביידע קינדער קוים געוואַגט צו קוקען איינער אויף׳ן צווייטען, מורא האָבענדיג, אַז זיי זאָלען ניט אויספּלאַצען מיט

א געוויין. זייערע הענט האבען זיך געטראָפען א ווײלע, און זיך געדריקט ביז שמערצען. פרוי פאַן קעריך האָט גוטמו־טיג זיך צוגעקוקט צו זיי, און זיך געמאכט, ווי זי מערקט גאָר ניט.

ענדליך האָט די שטונדע געשלאָגען: קריסטאָף איז גע־שטאנען ביים טיר פון וואגאָן, און ווען דער צוג האָט זיך גענומען ריהרען, איז ער נאָכגעלאָפען ביים זייט פון וואגאן, זיך ניט ארום קוקענדיג, זיך אָנשטויסענדיג אויף די באהן־אָנגעשטעלטע, די אויגען אויסגעשטעלט אויף מינא'ס וואַ־גאָן, ביז דער צוג איז פארביי. ער איז נאָך אַלץ געלאָפען ווייטער, ביז עס איז שוין קיין זאך מעהר ניט געווען צו זעהן. דאמאָלט איז ער געבליבען שטעהן אָהן אָטעם; און האָט זיך ווידער געפונען אויפ'ן וואקזאל אין מיטען פון גלייכגיל־טיגע מענשען. ער איז אוועק צוריק אהיים, וואו קיינער איז צום גליק ניט געווען; און א גאנצען פריהמאָרגען האָט ער געוויינט.

צום ערשטען מאָל האָט ער זיך דערוואוסט, וואָס עס הייסט דער שוידערליכער שמערץ פון צושיידונג: אַן אונערטרעגליכע מאַטערניש פאַר אַלע ליעבענדע הערצער. די וועלט איז פּוסט, דאָס לעבען איז פּוסט, אַלץ איז פּוסט. עס דריקט דאָס האַרץ; מען קען מעהר ניט אָטעמען: עס איז אַ מין גסיסה־געפיהל; עס ווערט כמעט אונמעגליך צו לעבען, באַזונדערס, ווען אַרום און אַרום בלייבען די מאַטעריעלע שפּורען פון דער פאַרשוואונדענער געליעבטער: ווען די אַלע זאַכען אַרום דערמאָנען שטענדיג אָן איהר; ווען מען פאַרבלייבט אין דערזעלבער סביבה, וואו מען האָט צוזאַמען פאַרבראַכט; ווען מען שטרענגט זיך אַליין אָן ליידענשאַפטליך אָפּצופרישען ווידער אויפ'ן זעלבען אָרט דאָס פאַרשוואונדענע גליק. דאַמאָלט איז עס, ווי אַ תהום וואָלט זיך עפענען אונטער יעדען טריט: מען בויגט זיך אַריבער, עס הויבט אָן צו שווינדלען, עס דאַכט זיך, אַז מען פאַלט; און מען פאַלט. מען מיינט, אַז מען זעהט דעם טוידט אין פּנים; און מען זעהט איהם טאַקי באמת: די צושיידונג איז נאָר איינע פון זיינע מאַסקען. מען זעהט לעבעדיגערהייט, ווי דאָס טייערסטע, וואָס דאָס האַרץ פאַרמאָגט, פאַרשווינדעט: דאָס לעבען ווערט פאַרלאָשען; עס בלייבט נאָר אַ שוואַרצע לאָך, גאָרנישט.

קריסטאָף פלעגט באַזוכען אַלע טייערע ערטער, און האָט נאָך מעהר געליטען. פרוי פאָן קעריך האָט איהם איבערגעלאָזען דעם שליסעל פון גאָרטען, כדי ער זאָל קענען

דאָרט שפּאַצירען, בעת זיי וועלען ניט זיין. נאָך אין זעלבען טאָג האָט ער זיך אומגעקעהרט אין גאַרטען, און געמיינט, אַז ער ווערט דערשטיקט פון הארץ־ווייטאָג. געהענדיג אהין, האָט ער געמיינט צו געפינען עפּעס וואָס פון דער, וואָס איז אָפּגעפאָהרען; און ער האָט געפונען נאָך צופיעל; איהר בילד האָט דאָרט ארומגעשוועבט איבער אַלע גראַז־פלעצער; ביי יעדען עק פון אַן אַלייע האָט ער ערוואַרט, אַז זי וועט זיך באַווייזען; ער האָט געוואוסט, אַז זי קען זיך ניט באַ־ווייזען; אבער ער האָט זיך אַליין געמאַטערט זיך צו אַי־בערצייגען פאַרקעהרט, אויפצוזוכען די שפּורען פון זיינע ליעבע־זכרונות: דער וועג צום לאַבירינט, די טעראַסע, וואָס איז פון גליצינען ארומגעהאַנגען, די באַנק אין דער בעסעד־קע; און ער האָט זיך אליין ניט אויפגעהערט צו פּייניגען, איבער׳חזר׳נדיג: „עס איז געווען פאַר אַכטאָגען... עס איז געווען מיט דריי טעג צוריק. אָט דאָ איז עס געווען, נעכטען איז זי דאָ געווען... זאָגאר היינט אין דער פריה...״ ער האָט זיין הארץ געמאַטערט מיט די געדאַנקען, ביז ער האָט געמוזט אויפהערען, פיהלענדיג, אַז ער געהט אוים מיט די כחות, אַז ער האַלט ביים שטאַרבען. צו זיין טרויער האָט זיך צוגעמישט אויך אַ כעס אויף זיך אַליין, פאַר די גאַנצע, אומזיסט פאַר־לאָרענע, צייט, וועלכע ער האָט ניט אויסגענוצט. אַזוי פיעל מינוטען, אַזוי פיעל שטונדען, ווען ער האָט גענאָסען דאָס אונענדליכע גליק איהר צו זעהן, איהר אין זיך איינצואָטע־מען, זיך צו דערקוויקען מיט איהר! און ער האָט עס ניט אָפּגעשאַצט! ער האָט געלאָזען די צייט פאַרבייגעהן, זיך ניט דערקוויקענדיג מיט יעדער סעקונדע! און איצט!... איצט איז שוין צו שפּעט... מען קען שוין ניט גוט מאַכען!... מען קען שוין ניט גוט מאַכען!...

ער איז ווידער אוועק אהיים. זיין פאַמיליע איז איצט געווען פאַר איהם שרעקליך. ער האָט ניט געקאָנט אריבער־טראָגען זייערע פּנים׳ער, זייערע העויות, זייערע נארישע געשפּרעכען, שטענדיג די זעלבע ווי נעכטען, די זעלבע ווי אין די פריהערדיגע טעג, ווען זי איז נאָך געווען דאָ. זיי האָ־בען זיך געפיהרט ווי געוועהנליך, אזוי ווי אזא גרויסער אומ־גליק וואָלט גאָר ניט פארגעקומען הארט לעבען זיי. אויך די שטאָדט האָט גאָר ניט געפיהלט. די מענשען זיינען געגאנגען צו זייערע באשעפטיגונגען לאבענדיג, טומעלדיג, פארטאָענע, די גרילען האָבען געפישצעט; דער הימעל האָט געשטראַהלט. ער האָט זיי אלעמען געהאסט; און זיך געפיהלט פון אלע־מענס עגאָזים צומאַלען. אבער ער אליין איז געווען עגאָיס־טישער, ווי די גאנצע וועלט. קיין זאך האָט פאַר איהם קיין ווערדע ניט געהאט. ער האָט קיין שום גוטסקייט מעהר ניט געהאט, האָט קיינעם ניט האַלט געהאט.

ער האָט פערבראכט קלאָגעדיגע טעג. זיינע באשעפ־טיגונגען האָבען איהם אוטאָמאטיש ווידער אריינגעצויגען; אבער ער האָט מעהר ניט געהאט דעם מוט צו לעבען.

איין מאָל אין אָוונט, ווען ער איז מיט זיין פאַמיליע געזעסען ביים טיש א שטומער און נידערשלאָגענער, האָט דער בריעף־טרעגער אָנגעקלאפּט אין טיר, און איהם דער־לאנגט א בריעף. זיין הארץ האָט דעם בריעף דערקענט, נאָך איידער ער האָט דערזעהן די האנטשריפט. פיער פּאָר אויגען זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף איהם מיט א ניט פאַר־דעקטער נייגעריגקייט, ווארטענדיג, אז ער זאָל דעם בריעף דורכלייענען, און זיך אָנכאפּענדיג פאַר די האָפנונג צו געפינען א צערשטרייאונג פון זייער געוועהנליכער לאנגוויי־ליגקייט. ער האָט אוועקגעלייגט דעם בריעף לעבען זיין טע־

לער א ניט געעפענטען, זיך מאכענדיג גאָר גלייכגילטיג דער־צו, אזוי ווי ער וואָלט געוואוסט וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך. דאָך זיינע ברידער, זייענדיג פאראינטערעסירט, האָבען איהם ניט געגלויבט, און ווייטער איהם נאָכגעקוקט מיט פאַרשענדע בליקען; און אזוי האָט ער זיך געפייניגט ביז צו ענד פון עסען. ערשט דאמאָלט איז ער געווען פריי זיך צו פארמאכען ביי זיך אין צימער. זיין הארץ האָט געקלאפט אזוי שטארק, אז ער האָט דעם בריעף כמעט צעריסען עפע־נענדיג; אבער ווי נאָר ער איז דורכגעלאָפען די ערשטע ווער־טער, האָט א פרייד איהם באהערשט.

דאָס זיינען געווען עטליכע, זעהר ליידענשאַפטליכע שורות, וועלכע מינא האָט געשריבען באהאלטענערהייט. זי האָט איהם אָנגערופען: „טייערער קריסטל“; האָט איהם דערצעהלט, אז זי האָט זעהר פיעל געוויינט; אז זי האָט יעדען אָוועגט, וואָס זי האָט פארבראכט אין פראנקפורט, געקוקט אויף די שטערען; אז פראנקפורט איז א גרויסארטי־גע שטאָדט, וואו עס געפינען זיך וואונדערבארע קראמען; אבער אז זי קוקט אויף קיין זאך ניט, ווייל זי טראכט נאָר וועגען איהם. זי האָט איהם דערמאָנט, אז ער האָט געשוואָ־רען צו בלייבען טריי צו איהר און קיינעם ניט צו זעהן, כל זמן זי איז ניטאָ, כדי ער זאָל קענען טראכטען נאָר פון איהר אליין. זי האָט געוואָלט, אז ער זאָל ארבייטען די גאנצע צייט, וואָס זי איז ניטאָ, כדי ער זאָל ווערען באריהמט, און זי — צוזאמען מיט איהם. זי האָט געענדיגט מיט דער פראגע: צי טראכט ער נאָך וועגען דעם קליינעם זאַל, אין וועלכען זי האָט זיך מיט איהם געזעגענט אין דעם פריהמאָרגען פאר איהר אָפרייזען? און זי האָט איהם געבעטען נאָך אמאָל אריבער צו געהן אהין; זי האָט איהם פארשפראָכען אין איה־

רע געדאנקען דארט נאָך אמאָל צו זיין, און איהם נאָך אמאָל צו זאָגען אזא „זיי געזונט“. זי האָט זיך אונטערגעשריבען: „אייביג דיינע! אייביג!“... זי האָט נאָך צוגעשריבען א הוספה, געבענדיג איהם אַן עצה זיך צו קויפען א שטרויענע הוט, אנשטאָט זיין העסליכע פילצענע — „אלע עלעגאַנטע מענשען טראָגען עס דאָ.“ א גראָב געפלאָכטענע שטרוי־הוט מיט א ברייטען, בלויען באנד.“

קריסטאָף האָט דורכגעלייענט דעם בריעף פיער מאָל, איידער ער האָט איהם אין גאַנצען פארשטאַנען. ער איז געווען ווי באטויבט, און מעהר ניט געפונען קיין כח צו זיין גליקליך; פּלוצלונג האָט ער זיך דערפיהלט אזוי פארמאַטערט, אז ער האָט זיך געמוזט אוועקלייגען, לייענענדיג און קושענדיג דעם בריעף פון דאָס ניי. ער האָט איהם אוועקגעלייגט אונטער׳ן קאָפּ־קישען, טאַפּענדיג שטענדיג מיט דער האנט, צו ער איז דאָרט דאָ. אַן אונאויסשפּרעכליכער גליק האָט איהם באהערשט. ער איז אָפּגעשלאָפען אין איין אָטעם ביז אויף מאָרגען.

זיין לעבען איז געוואָרען ערטערגליכער: מינא׳ס טרייע געדאנקען האָבען געשוועבט ארום איהם: ער האָט זיך אוועקגעזעצט איהר ענטפערן, אבער ער האָט ניט געהאט קיין רעכט איהר צו שרייבען פריי; ער האָט געמוזט באהאלטען, וואָס ער פיהלט; דאָס איז געווען שמערצליך און שווער. ער האָט זיך געפלייסט שלעכט צו פארדעקען זיין ליעבע אונטער די פארמען פון צערעמאָניעלע העפליכקייטען, וועלכע ער האָט אזוי ניט געשיקט און אויפ׳ן קאָמישסטען אופן געברויכט.

אפּשיקענדיג דעם בריעף, האָט ער גענומען וואַרטען אויף מינא׳ס ענטפער, און נאָר געלעבט מיט דער ערוואַרטונג. כדי זיך אַנצוקלייבען מיט געדולד, האָט ער געפּרובירט געהן שפּאַ־

צירען און לעזען; אבער ער האָט נאָר געטראַכט װעגען מי־נא׳ן, און ער פלעגט האַלטען אין איין איבער׳חזר׳ן איהר נאָמען מיט דער עקשנות פון א מאַניאַק; ער האָט פאַר דעם נאָמען באַקומען אזא געצענדינגערישע ליעבע, אז ער האָט אָנגעהויבען שטענדיג ארומצוטראָגען ביי זיך אין קעשענע א באַנד פון לעסינגס װערק, װייל דאָרט געפינט זיך דער נאָ־מען מינא; און יעדען טאָג, געהענדיג פון טעאַטער, פלעגט ער אויפלייגען א שטיק װעג, כדי פאַרבייצוגעהן פאַר א גאַלאַנט־ריי־געשעפט, אויף װעמעס שילד עס זיינען געװען אויפגע־שריבען די פיער געליעבטע אותיות.

ער האָט זיך געמאַכט פאַרװאָרפען, פאַר װאָס ער צוגיישעט די צייט, בעת זי האָט איהם אזוי שטרענג באַפוי־לען צו אַרבייטען, כדי איהר באַריהמט צו מאַכען. דער נאַי־װער עגאָיזם פון דער בקשה האָט איהם גערירט װי א צייכען פון איהר צוטרוי. כדי איהר װאונש צו ערפילען, האָט ער באַשלאָסען צו שרייבען א װערק, װאָס זאָל ניט נאָר זיין געװידמעט צו איהר, נאָר טאַקי זיין געהייליגט פאַר איהר. גאַנץ נאַטירליך האָט ער איצט קיין אַנדער זאַך ניט געקאָנט טאָן. קוים האָט ער אויפגעשטעלט א פּלאַן פאַר דעם, װי עס האָבען גענומען שטראָמען ביי איהם מוזיקאַלישע געדאַנ־קען. עס איז געװען װי א װאַסער־קװאַל, װאָס האָט חדשים־לאַנג זיך צוזאַמענגעקליבען אין איין רעזערװאואַר, און װאָס רייסט פּלוצלינג זיך דורך, פאַרניכטענדיג אַלע דאַמבעס. אכט טעג נאָכאַנאַנד האָט ער ניט פאַרלאָזען זיין צימער. לואיזע פלעגט אװעקשטעלען דאָס עסען ביי דער טיר; װאָ־רום ער האָט אפילו איהר ניט אריינגעלאָזען.

ער האָט געשריבען א קװינטעט פאַר קלאַרנעט און סטרוך־

נע־אינסטרומענטען. דער ערשטער טייל איז געווען אַ געדיכטע, פול פון האָפענונג און יוגענד־פאַרלאַנגען; דער צווייטער טייל אַ ליעבע־שפּאַס, פון וועלכען עס האָט ערטעהווייז זיך אַרויס־געוויזען קריסטאָף'ס ווילדער הומאָר. אבער דאָס גאַנצע ווערק איז געשריבען געוואָרען צוליעב דאָס צווייטע שטיק, דאָס ל אַ ג ר ע ט אַ, אין וועלכען קריסטאָף האָט געמאָלען אַ קליינע, פייערדיגע און קינדישע נשמה, וואָס עס איז געווען — אָדער וואָס האָט געזאָלט זיין — מינאָ'ס פּאָרטרעט. קיינער וואָלט איהר ניט דערקענט אין דעם; זי אליין — ווייניגער ווי ווער עס איז; דער עיקר איז אבער געווען, וואָס קריס־טאָף האָט איהר אין דעם פאָלשטענדיג דערקענט; און אַ ציי־טער פון גליק האָט איהם ארומגעכאַפּט ביי דעם געדאַנקען, אז ער האָט אזוי באַהערשט די פּערזאָן פון זיין געליעבטער. קיין ארבייט האָט איהם זיך ניט איינגעגעבען אזוי לייכט, און איהם ניט געמאכט פיהלען אזוי גליקליך: דאָס האָט זיך פאַרנאַנדערגעגאָסען די צופיעל ליעבע, וואָס האָט זיך אָנ־געקליבען אין איהם דורך דאָס שיידען זיך מיט איהר; אין דערזעלבער צייט האָט די זאָרג פאַר דאָס קונסטווערק איהם צוגעגעבען די נויטיגע אנשטרענגונג, כדי צוזאַמענצוברייננגען די ליידענשאַפט אין אַ שעהנער און קלאָהרער פאָרמע; און איהם געגעבען די גייסטיגע געזונטקייט, דאָס גלייכגעוויכט פון אלע זיינע כחות, וואָס האָט איהם פאַרשאַפען אויך אַ פיזישען פאַרגניגען. עס איז דער העכסטער גענוס, וועלכען יעדער שאַפענדער קינסטלער קען; בעת ער שאַפט, איז ער פריי פון דער שקלאַפעריי פון באַגעהר און פון שמערץ; ער ווערט זייער הערשער. אלץ וואָס מאַכט איהם, געוועהנליך, צו געניסען, אלץ וואָס מאכט איהם צו ליידען, ווייזט איהם אויס ווי דער פרייער שפּיעל פון זיין ווילען. קורצע מאָמענ־

טען! ווארום ער פיהלט נאָכהער נאָך דריקענדער די קייטען פון דער ווירקליכקייט.

אזוי לאנג ווי קריסטאָף איז געווען פארנומען מיט דער ארבייט, האָט ער קוים געהאט צייט צו טראכטען וועגען דעם. וואָס מינא איז ניטאָ: ער האָט מיט איהר געלעבט. מינא איז מעהר ניט געווען אין מינא'ן; זי איז אין גאַנצען געווען אין איהם. אבער ווען ער האָט געענדיגט, האָט ער ווידער אויסגעפונען, אז ער איז אליין, נאָך איינזאמער ווי פריהער, מעהר פארמאטערט ווי פריהער, אויסגעשעפט פון דער אנ־שטרענגונג: ער האָט זיך דערמאָנט, אז עס איז שוין אוועק צוויי וואָכען, זינט ער האָט מינא'ן געשריבען, און זי האָט איהם ניט געענטפערט.

ער האָט איהר געשריבען פון דאָס ניי: דעם מאָל האָט ער ניט געקאָנט אין גאַנצען זיך באהערשען, אפ־צוהיטען אין גאנצען דעם צוואנג, וואָס ער האָט אזוי שטארק געלייגט אויף זיך אין ערשטען בריעף. ער האָט אין א שפאס פאָרגעווארפען מינא'ן — ערנסט האָט ער אליין ניט געגלויבט אין דעם — אז זי האָט איהם פארגעסען. ער האָט זיך אויסגעבייזערט פאר איהר פוילקייט, און האָט צערטליך זיך געררייצט מיט איהר. ער האָט געערדט וועגען זיין ארבייט זעהר געהיימניספול, כדי צו ער־וועקען איהר נייגעריגקייט, און כדי איהר צו מאכען אן אי־בערראשונג, ווען זי וועט קומען צוריק. ער האָט מיט אלע פּרטים באשריבען די הוט, וואָס ער האָט זיך געקויפט; און ער האָט דערצעהלט, אז כדי צו ערפילען די באפעהלען פון זיין קליינער דעספאָטין — ווארום ער האָט אין בריעף אויס־געמיטען אלע פּרעטענזיעס — זיצט ער די גאנצע צייט אין דער היים און האָט זיך ערקלעהרט פאר קראנק, אויסצומיידען

אַלע איינלאַדונגען. ער האָט אָבער פאַרשוויגען, אַז ער איז אין קאַלטע באַציהונגען צום גרויספירשט אַליין, ווייל פון גרויס התמדה האָט ער זיך ענטזאָגט צו קומען צו אַן אונטערהאַלטונג אין שלאָס, וואוהין ער איז געווען איינגעלאַדען. דער גאַנצער בריעף איז געווען געשריבען אין אַ גאַנץ פרעהליכען טאָן און פול פון יענע קליינע סודות, וואָס זיינען אַזוי טייער פאַר פאַרליעבטע: ער האָט זיך איינגערעדט, אַז מינא אַליין האָט דעם שליסעל דערצו, און ער האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ גאַנצען חכם, ווייל ער האָט מיט גרויס זאָרג איבעראַל באַנוצט אַנשטאָט דאָס וואָרט ליעבע — פריינדשאַפט.

נאָכדעם, ווי ער האָט אָנגעשריבען דעם בריעף, האָט ער אַ קורצע צייט געפיהלט אַ דערלייכטערונג; קודם כל דערפאַר, ווייל דער בריעף האָט איהם געגעבען די אילוזיע, ווי ער וואָלט זיך אונטערהאַלטען מיט דער, וואָס איז געווען ווייט פון איהם; און מעהר ווי אַלץ, ווייל ער איז געווען זיכער, אַז מינא וועט איהם באַלד ענטפערן. ער איז דערפאַר געווען זעהר געדולדיג אין פאַרלויף פון די ערשטע דריי טעג, וואָס ער האָט באַוויליגט דער פּאָסט צו ברייגנען זיין בריעף צו מינא'ן, און מינא'ס ענטפער צו איהם. אָבער ווען דער פיערטער טאָג איז פאַרביי, האָט ער ווייעדער ניט געוואוסט, ווי אַזוי וועט ער קענען לעבען. ער האָט געהאַט ענערגיע און אינטערעס צו זאַכען נאָר אין די שטונדען פאַר יעדער פּאָסט. דאַמאָלט פלעגט ער ציטערן פון אונגעדולד. ער איז געוואָרען אָבערגלויביש, און האָט גענומען זוכען אין די קלענסטע סמנים — אין דאָס קנאַקען פון פייער אין אויווען, אין אַ צופעליג אַרויסגעזאָגטען וואָרט — די פאַרזיכערונג, אַז אַ בריעף וועט קומען. פלעגט אָבער די שעה פאַרביי, אַזוי פלעגט ער ווייעדער אַריינפאַלען אין זיין נידערשלאָגענקייט.

ניטאָ מעהר קיין ארבייט, ניטאָ קיין שפּאַצירען; דער איינ־ציגער צוועק פון לעבען איז נאָר געווען צו ווארטען אויף די נאָהענטסטע פּאָסט; און די גאַנצע ענערגיע האָט ער פאַר־וועגדעט נאָר אויף דעם, צו געפינען די קראַפט אזוי לאַנג צו ווארטען. אבער ווען דער אָווענט פלעגט אָנקומען, און עס איז שוין מעהר קיין האָפנונג ניט געווען אויף דעם טאָג, דאַ־מאָלט פלעגט ער זיך פיהלען אין גאַנצען צובראָכען: עס פלעגט איהם זיך דאכטען, אז עס וועט איהם מעהר זיך קיין מאָל ניט איינגעבען צו דערלעבען ביז אויף מאָרגען אין דער פריה. ער פלעגט שעה'ן־לאַנג בלייבען זיצען ביים טיש, ניט ריידענדיג, ניט טראכטענדיג, ניט האָבענדיג אפילו קיין כח זיך אוועקצולייגען, ביז דער לעצטער טראָפּען ענערגיע פלעגט איהם מאכען זיך אוועקלייגען אין בעט. ער פלעגט אריינפאַ־לען אין א שווערען שלאָף פול פון נארישע חלומות, וואָס פלעגען איהם מאכען גלויבען, אז צו דער נאכט וועט קיין מאָל קיין סוף ניט קומען.

אָט די שטענדיגע ערווארטונג איז מיט דער צייט גע־ווארען א פיזישע פייניגונג, אן אמת'ע קראַנקהייט. קרים־טאָף איז דערגאַנגען דערצו, אז ער האָט אָנגעהויבען חושד זיין דעם פאָטער, די ברידער, דעם בריעף־טרעגער אליין, אז זיי האָבען באקומען דעם בריעף און באהאלטען פון איהם. ער איז געוואָרען אויפגעגעסען פון אונרוה. אין מינא'ס טריי־קייט האָט ער א מינוט ניט געצווייפעלט. אויב זי שרייבט איהם ניט, איז עס, ווייל זי איז קראַנק, האלט ביים שטאַר־בען, פילייכט שוין געשטאָרבען. ער האָט־פון דאָס ניי זיך גע־כאַפּט פאַר'ן פעדער. און האָט אָנגעשריבען א קורצען בריעף, א פּאָר האַרץ־רייסענדע שורות, ניט טראכטענדיג דעם מאָל אָפּצוהיטען זיינע געפיהלען און די אויסלייגאכץ.

זיך איילענדיג צו דער פּאָסט, האָט ער אויסגעמעקט שטיקער, אָפּגעווישט דאָס אָנגעשריבענע ביים פאַרבייגען אַ זייט, האָט אויך פאַרשמירט דעם קאָנווערט ביים פאַרמאַכען: עס איז ניט וויכטיג! ער האָט ניט געקאָנט מעהר וואַרטען ביז דער צווייטער פּאָסט. ער איז געלאָפען אַריינוואַרפען דעם בריעף, און האָט געוואַרט אין טויט־שרעק. אין דער צווייטער נאַכט האָט ער דייטליך געזעהן מינאַ'ן, אַ קראַנקע, רופענדיג איהם; ער איז אויפגעשטאַנען, און געהאַלטען דערביי זיך אַוועקצולאָזען צו פוס איהר אויסזוכען. אָבער וואוא? וואו קען מען איהר געפינען?

אויפ'ן פיערטען פריהמאָרגען איז ענדליך געקומען אַ בריעף פון מינאַ'ן — אַ האַלבע זייט — קאַלט און בייז. זי האָט געשריבען, אז זי פאַרשטעהט ניט, וואָס האָט ביי איהם אַרויסגערופען אַזאַ נאַרישען שרעק; אַז זי פיהלט זיך גוט; אַז זי האָט ניט קיין צייט צו שרייבען; און אַז זי בעט איהם ווייטער זיך ניט אַזוי אויפצורעגען און אויפצוהערען איהר שרייבען בריעף.

קריסטאָף איז געוועזען גאַר ערשטוינט. ער האָט דעם קלענסטען ספק ניט געהאַט וועגען מינאַ'ס אויפריכטיגקייט. ער האָט זיך אַליין באַשולדיגט, ער האָט געטראַכט, אַז מינאַ איז אין כעס פאַר די ניט־פאַרזיכטיגע און משוגע'נע בריעף, וואָס ער האָט געשריבען. ער האָט זיך גערופען אידיאָט, און זיך געקלאַפּט מיט'ן פויסט אין שטערן. אָבער, וואָס ער זאָל ניט האָבען געטאָן, האָט ער דאָך געמוזט אָנהויבען פיהלען, אַז מינאַ ליעבט איהם ניט אַזוי, ווי ער ליעבט איהר.

די טעג, וואָס זיינען געקומען נאָך דעם, זיינען געוועזען אַזוי טרויעריג, אַז עס לאָזט זיך גאָר ניט באַשרייבען. גאָר נישט'ן לאָזען זיך ניט באַשרייבען. זייענדיג באַרויבט פון

דאָס איינציגע גוטע, וואָס ער האָט געהאט אין לעבען: פון די בריעף צו מינאַ'ן, האָט קריסטאָף געלעבט נאָר ריין מע־כאַניש; און די איינציגע ארבייט, וואָס האָט איהם נאָך אינ־טערעסירט, איז געווען, ווען ער פלעגט אין אָווענט, ביים געהן שלאָפען, אויסמעקען ווי א חדר־אינגעל פון זיין לוח איינעם פון יענע אונערטרעגליכע טעג, וואָס שיידען איהם אָפּ פון מינאַ'ס צוריקקומען.

די צייט, ווען זיי האָבן געדאַרפט צוריקקומען, איז שוין געווען פאַרביי. שוין א וואָך ווי זיי האָבן געדאַרפט זיין דאָ. נאָך זיין נידערשלאָגענקייט איז אויף קריסטאָף׳ן איצט געקומען א פיבערהאַפטע אויפרעגונג. מינא האָט איהם פאַרשפּראָכען ביים אַפּרייזען, אז זי וועט איהם לאָזען וויסען דעם טאָג און די שעה פון זייער צוריקקומען. ער האָט גע־וואַרט פון מינוט צו מינוט זיי צו דאַרפען באַגעגענען; און ער האָט זיך אויסגעמאַטערט, מאַכענדיג השערות וועגען זייער פאַרשפּעטיגונג.

איין אָוונט איז איינער פון זייערע שכנים, דעם אַל־טען׳ס א פריינד, דער טאָפּעצירער פישער, געקומען צו פאַר־רייכערן א לולקע און זיך דורכצושמועסען מיט מעלכיאָר׳ן, ווי ער פלעגט עס עפּטער טאָן נאָכ׳ן עסען. קריסטאָף, וועל־כער האָט געהאַלטען אין איין זיך גריזשענען, האָט שוין גע־וואָלט אַרויף צו זיך אין צימער, אזוי ווי ער האָט שוין אומ־זיסט אָפּגעוואַרט דעם בריעף־טרעגער, ווען איין וואָרט האָט איהם געמאַכט אויפציטערן. פישער האָט געזאָגט, אז ער מוז מאָרגען גאַנץ פריה געהן צו די קעריך׳ס אויפהייגנגען פאַרהאַנגען.

— „זיינען זיי שוין דען געקומען?“

„קאַטאָוועסניק! דו ווייסט עס אזוי גוט ווי איך!“ — האָט דער אַלטער פישער געזאָגט מיט שפּאַט — „שוין לאַנג! איירנעכטען זיינען זיי אהיים געקומען.“

קריסטאָף האָט שוין מעהר קיין זאַך ניט געהערט. ער

האָט פארלאָזען דעם צימער און זיך געקליבען אוועקצוגעהן. זיין מוטער, וואָס האָט איהם זייט איינציגער צייט שטילער־הייט נאָכגעקוקט, איהם ניט געבענדיג עס צו מערקען, איז איהם נאָכגעגאנגען אין קארידאָר, און געפרעגט א דער־שראָקענע, וואוהין ער געהט. ער האָט גאָר ניט געענטפערט, און איז אוועק. ער האָט שטארק געליטען.

ער איז אוועקגעלאָפען צו די דאמען פאָן קעריך. עס איז געווען ניין אזייגער אין אָוונט. זיי זיינען געווען אין זאַל, און האָבען אויסגעוויזען ניט צו זיין פארוואונדערט, וואָס ער איז געקומען; גאנץ רוהיג האָבען זיי איהם געזאָגט „גוט נ'אָוונט." מינא, וואָס האָט געהאלטען אין שרייבען, האָט איהם אויסגעצויגען די האנט איבער'ן טיש, און שריי־בענדיג ווייטער, איהם א פרעג געטאָן, א צערשטרייטע, וואָס הערט זיך עפּעס גוטס? זי האָט זיך אפילו ניט ענטשולדיגט פאר איהר ניט העפליכקייט, און זיך געמאכט, ווי זי וואָלט זיך איינהערען, וואָס ער רעדט; זי האָט איהם אבער באַלד איבערגעריסען די רייד עפּעס צו פרעגען ביי דער מוטער. ער האָט געהאט פארבערייט א ריהרענדע רעדע וועגען דאָס אַלץ, וואָס ער האָט דורכגעליטען אין דער צייט, וואָס זיי זיינען ניט געווען: ער האָט אבער קוים געקאָנט ארויסשטאַמ־לען עטליכע ווערטער; קיינער האָט זיך ניט אינטערעסירט דערמיט; און ער האָט ניט געהאט דעם מוט ווייטער אָנצו־געהן מיט די רייד. — עס האָט געקלונגען אזוי פאַלש.

ווען מינא האָט געענדיגט דעם בריעף, האָט זי גענומען א האנטארבייט, זיך אוועקגעזעצט עטליכע טריט ווייטער פון איהם, און האָט אָנגעהויבען דערצעהלען וועגען איהר רייזע. זי האָט גערעדט וועגען די שעהנע וואכען, וואָס זי האָט פאר־בראכט; וועגען איהרע רייט־שפּאצירען, וועגען דעם לעבען

אויפ'ן שלאָס, וועגען דער אינטערעסאנטער געזעלשאפט; זי איז ביסלאכווייז אריין אין התפעלות, און געמאכט באמער־קונגען וועגען פאסירונגען און מענשען, וועלכע קריסטאָף האָט ניט געקענט, אבער די ערינערונג אָן וועלכע עס האָט ארויסגערופען א שמייכעל ביי איהר און ביי דער מוטער. קריסטאָף האָט זיך אין דער גאנצער געשיכטע געפיהלט אלס פרעמדער; ער האָט ניט געוואוסט, ווי זיך צו האלטען, און האָט מיטגעלאכט אין פארלעגענהייט. ער האָט ניט געקאָנט אפרייסען די אויגען פון מינא'ס פנים, בעטענדיג זיך, זי זאָל איהם שענקען א קוק. אבער, ווען זי האָט אויף איהם א קוק געטאָן, — דאָס האָט זי ניט אָפט געטאָן, ווייל זי האָט עפ־טער זיך געווענדעט צו דער מוטער — זיינען איהרע אויגען, ווי איהר שטים, געווען אפילו פריינדליך, אבער גלייכגילטיג. צי האָט זי זיך קאָנטראָלירט צוליעב דער מוטער, אדער ער האָט איהר ניט פארשטאַנען? איהם וואָלט זיך אזוי שטארק געוואָלט דורכריידען זיך מיט איהר אונטער פיער אויגען; אבער פרוי פאָן קעריך האָט אויף איין מינוט זיי ניט געלאָ־זען אליין. ער האָט געפרובירט ארויפפיהרען דעם געשפרעך אויף פערזענליכע אנגעלעגנהייטען; ער האָט גערעדט וועגען זיינע ארבייטען, וועגען זיינע פלענער; ער האָט געהאט א ניט־קלאָהרען געפיהל, אז מינא גליטשט זיך לאנגזאם ארוים פון איהם; און ער האָט געפרובירט אינסטינקטיוו איהר פאר־אינטערעסירען אין זיך. און באמת האָט עס אויסגעוויזען, אז זי הערט זיך צו מיט גרוים אויפמערקזאמקייט; זי האָט אָפט איבערגעריסען זיין געשפרעך מיט פארשיעדענע באַ־מערקונגען, וואָס זיינען ניט שטענדיג געווען זעהר צום פונקט, אבער וועמעס טאָן עס האָט אויסגעוויזען צו זיין פול פון אינטערעס. אבער אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט שוין

ווידער אַנגעהויבען צו שעפּען האָפנונגען, אין גאַנצען פאַר־שכור'ט פון איהר רייצענדען געלעכטער, האָט ער באמערקט אַז זי לעגט צו די האַנט צום מויל און גענעצט. ער איז באַלד אַנטשוויגען געוואָרען. זי האָט עס באמערקט, און האָט פריינדליך זיך ענטשולדיגט מיט איהר פארמאטערטקייט. ער האָט זיך אויפגעהויבען, רעכענענדיג, אַז מען וועט איהם נאָך פארהאַלטען; זיי האָבען אבער גאָר ניט געזאָגט. ער האָט פארצויגען דאָס געזעגענען זיך; ער האָט געוואַרט אויף אַן איינלאַדונג מאָרגען ווידער צו קומען; אבער אויך דאָס איז ניט געטאָן געוואָרען. ער האָט געמוזט אוועקגעהן. מינא האָט איהם אבער ניט באַגלייט. זי האָט איהם אין מיטען פון זאַל דערלאַנגט די האַנט — אַ גלייכגילטיגע האַנט, וואָס איז גע־לעגען קאַלט אין זיין האַנט, — און אזוי האָט ער זיך געזע־גענט אין מיטען פון זאַל...

ער איז געקומען אהיים מיט אַ שרעק אין הארצען. פון יענער מינא, וואָס ער האָט געהאַט מיט צוויי חדשים צוריק, פון זיין טייערע מינא, איז גאָר ניט געבליבען. וואָס איז געשעהן? וואָס איז פון איהר געוואָרען? פאַר אַן אָרימען אינגעל, וואָס האָט נאָך קיין מאָל ניט דורכגעמאַכט די שטענ־דיגע ענדערונגען, דאָס פאַלשטענדיגע פארשווינדען און אב־סאָלוטע באנייאונג פון לעבעדיגע נשמות, פון וועלכע דער גרעסטער טייל איז גאָר ניט קיין נשמה, נאָר גאַנצע קאָלעק־ציעס פון נשמות, וואָס קומען אויף איינע נאָך דער אַנ־דערער, ענדערן זיך און ווערען אויף שטענדיג אויסגעלאָ־שען; פאַר אַזאַ איינעם איז דער פּשוט'ער אמת געווען צו גרויזאַם, אַז ער זאָל איהם קענען גלויבען. מיט שרעק האָט ער צוריק געשטויסען דעם געדאַנק וועגען דעם; און האָט גע־פּרובירט זיך איינריידען, אַז ער האָט ניט ריכטיג געזעהן, און

אַז מינאַ איז אַלץ דיזעלבע. ער האָט באַשלאָסען גלייך אויף מאָרגען אין דער פריה וויעדער אוועקצוגעהן צו איהר, און זיך דורכצורעדען: עס מעג קאָסטען, וואָס עס וויל.

ער האָט ניט געשלאָפען. ער האָט געצעהלט איינע נאָך די אַנדערע ווי דער זייגער האָט געשלאָגען אַ שעה נאָך אַ שעה. שוין פון גאַנץ פריה אַן האָט ער זיך אַרומגעדרעהט אַרום פאַן קעריך'ס הויז, און איז דאָרט אַריין, ווי נאָר ער האָט געקאָנט. אָבער געזעהן האָט ער ניט מינאַ'ן, נאָר פרוי פאַן קעריך. אַ טעטיגע, און אַ פריהע אויפשטעהעריז, האָט זי געהאַלטען אין באַגיסען די בלומענטעפּ אויף דער וועראַנ־דאַ. באַמערקענדיג קריסטאָף'ן, האָט זי שפּאַטיש אויסגערו־פען:

„יאָ! דאָס זייט איהר!... איהר זייט געקומען אין רעכ־טער צייט; איך וויל טאַקי מיט אייך זיך דורכריידען. וואַרט אַביסעל, וואַרט"...

זי איז אויף אַ מינוט אַריין אין הויז אוועקצושטעלען די קאַן און אָפּצוטריקענען די הענט; זי איז באַלד געקומען צוריק און מיט אַ שמייכעל געקוקט אויף דעם גאַנץ־צוטו־מעלטען פּנים פון קריסטאָף'ן, וועלכער האָט געפיהלט, אַז דאָס אומגליק קומט.

„לאָמיר געהן אין גאָרטען" — האָט זי ווייטער געזאָגט — „דאָרט איז רוהיגער":

ער איז נאָכגעגאַנגען נאָך פרוי פאַן קעריך אין גאָרטען, וואָס איז געוועזן אין גאַנצען פול מיט זיין ליעבע. עס האָט אויסגעוויזען, אַז זי איילט זיך ניט צו ריידען, זיך אַמוזירענ־דיג מיט דעם איינגעלס צומישטקייט.

„זאָלען מיר זיך דאָרט אוועקזעצען" — האָט זי ענדליך געזאָגט.

עס איז געווען יענער באנק, אויף וועלכען מינא האט איהם איהרע ליפען אויסגעשטרעקט אין דעם אווענט פאר'ן אוועקפאָהרען.

„איך מיין, אז איהר ווייסט וועגען וואס עס האנדעלט זיך — האט פרוי פאָן קעריך געזאָגט, מאכענדיג א שטרייכעג מינע, כדי איהם אין גאנצען אראָפצוזעצען פון טראפ — „איך וואלט עס קיין מאָל ניט געגלויבט אויף אייך, קריסטאף! איך האב אייך געהאלטען פאר אן ערנסטען אינגעל. איך האב געהאט דעם פולען צוטרוי צו אייך. איך האב קיין מאָל ניט געטראכט, אז איהר זאָלט עס וועלען מיסברויכען, כדי צו פארדרעהען מיין טאָכטער דעם קאָפּ. זי איז געווען אונטער אייער שוץ. איהר האט עס געדארפט רעספעקטירען, מיך רעספעקטירען, זיך אליין רעספעקטירען.“

עס איז געלעגען א לייכטע איראָניע אין איהר טאָן; פרוי פאָן קעריך האט די קלענסטע וויכטיגקייט ניט צוגעגעבען צו אָט דער קינדערשער ליעבע. — קריסטאָף אבער האט עס ניט געפיהלט. די פארוואורפען, וועלכע ער האט גענומען זעהר טראגיש, ווי אלץ, זיינען איהם טיעף אין הארצען אריין.

— „אָבער, מאדאם... אבער, מאדאם...“ — האט ער געשטאָמעלט מיט די אויגען פול פון טרעהרען — איך האב קיינמאָל ניט מיסברויכט אייער צוטרוי... איך בעט אייך, גלויבט עס ניט... איך בין ניט קיין פאלשער מענש, דאס שווער איך אייך!... איך ליעב פריילין מינא, איך ליעב זי פון גאנצען הארצען; איך וויל מיט איהר חתונה האָבען!“

פרוי פאָן קעריך האט געשמייכעלט.

„ניין, ניין, מיין אָרימער יונג“ — האט זי געזאָגט פריינדליך, אבער אזוי גאוה'דיג, אז ער האט עס שוין אָנ־

געהויבען צו פאַרשטעהן — „ניין, דאָס איז ניט מעגליך; דאָס איז אַ קינדעריי“.

— „פאַרוואָס? פאַרוואָס?“ — האָט ער געפּרעגט.

ער האָט איהר אָנגעכאַפּט פאַר די הענט, ניט גלויבענ־דיג, אַז זי רעדט עס ערנסט, און זיך פיהלענדיג שוין כמעט באַרוהיגט פון איהר זיסער שטים.

„דערפאַר“ — האָט זי געענטפערט מיט׳ן זעלבען שמייכעל.

ער אָבער האָט דורכאויס געפאָדערט אַן ערקלעהרונג. איראָניש־מיושב׳דיג (זי האָט איהם בשום אופן ניט גענומען ערנסט) האָט זי איהם ערקלעהרט, אַז ער האָט קיין שום פאַרמעגען ניט, און אַז מינא האָט אַ גאַנץ אַנדער געשמאַק. ער האָט איהר געפּרובירט איינריידען, אַז דאָס איז ניט וויכ־טיג, אַז ער וועט זיין רייך, באַריהמט, אַז ער וועט האָבען כבוד, געלט, אַלץ וואָס מינא וועט נאָר וועלען. פרוי פאָן קעריך האָט זיך ארויסגעוויזען סקעפּטיש דערצו; זיין שטאַר־קער גלויבען אין זיך האָט איהר פאַרשאַפט שפּאַס, און זי האָט זיך באַגנוגט צו שאָקלען מיט׳ן קאָפּ אויף ניין... ער אָבער האָט ניט נאָכגעלאָזען.

„ניין, קריסטאָף“ — האָט זי ענדליך ארויסגערעדט אין אַ פעסטערן טאָן, — עס לוינט זיך ניט וועגען דעם צו ריידען. דאָס איז ניט מעגליך. עס האַנדעלט זיך ניט נאָר וועגען געלט. אַזוי פיעל זאַכען!... דער מצב“...

זי האָט מעהר ניט געדאַרפט פאַרענדיגען. עס איז גע־ווען אַ שטאָך, וואָס איז איהם דורך ביז אין מאַרך פון די ביינער. זיינע אויגען האָבען זיך געעפענט; ער האָט גע־שפּירט די איראָניע הינטער דעם פריינדליכען שמייכעל; ער האָט דערזעהן די קאַלטקייט הינטער דעם פריינדליכען בליק;

ער האָט מיט אמאָל פאַרשטאַנען, וואָס איהם האָט אפּגעזונ־דערט פון דער פרוי, וועלכע ער האָט געליעבט מיט דער ליע־בע פון א זוהן, און וועלכע האָט איהם, דאכט זיך, באהאנ־דעלט ווי א מוטער; ער האָט דערפיהלט, ווי פיעל אפּוטרפּסות און גאוה עס זיינען געווען אין איהר פריינדליכקייט. ער האָט זיך אויפגעהויבען, א טוידט־בלאסער. פרוי פאַן קעריך האָט נאָך אלץ גערעדט צו איהם מיט איהר לאַשטשענדע שטים; אבער עס איז שוין געווען דער סוף; ער האָט מעהר ניט געהערט די מוזיק פון די ווערטער; ער האָט היגטער יעדען וואָרט געהערט די רויהקייט פון אָט דער עלעגאַנטער נשמה. ער האָט קיין איין וואָרט ניט געקאָנט ענטפערן. און ער איז אוועק. אלץ איז געפאַלען מיט די פּוטער אראָפּ.

קומענדיג צו זיך אין צימער, האָט ער זיך אריינגע־וואָרפען אין בעט, און אן אָנפאַל פון צאָרן און פאַרוואונדע־טען שטאָלץ איז איהם באַפאַלען, ווי גאָר אין די קינדערשע יאָהרען. ער האָט צוביסען זיין קישען, האָט זיך פאַרשטאָפּט די מויל מיט א טיכעל, כדי מען זאָל איהם ניט הערען שריי־ענדיג. ער האָט געהאַסט פרוי פאַן קעריך. ער האָט געהאַסט מינא'ן. ער האָט זיי שרעקליך פאַראכטעט. ער האָט געפיהלט, ווי מען וואָלט איהם אויסגעפּאַטשט, און ער האָט געציטערט פון שאַנד און צאָרן. ער האָט געמוזט זיי ענטפערן. האַנדלען גלייך אויף אן אָרט. ער וואָלט געשטאָרבען, ווען ער וואָלט זיך ניט נוקם געווען.

ער האָט זיך אויפגעהויבען און אָנגעשריבען א ווילד־שטרענגען בריעף:

„מאַדאַם,

„איך ווייס ניט, צי איהר האָט, ווי איהר טענה'עט, זיך גענאַרט אין מיר. וואָס איך ווייס אבער יאָ, איז, אז איך האָב

זיך שרעקליך גענאַרט אין אייך. איך האָב געגלויבט, אַז איהר זייט מיינע אַ פריינדין. איהר האָט עס געזאָגט, איהר האָט זיך פאַרשטעלט, ווי איהר וואָלט עס געוועזן. און איך האָב אייך געליעבט מעהר ווי מיין לעבען. איצט זעה איך, אַז דאָס אַלץ איז געוועזן נאָר אַ ליגען, און אַז אייער סימפּאַטיע צו מיר איז געוועזן ניט מעהר ווי אַ שווינדעל: איהר האָט מיך אויסגענוצט, איך האָב אייך אַמוזירט, איך האָב אייך צו־שטרייט: איך האָב מוזיק פאַר אייך געמאַכט — איך בין געוועזן אייער דיענער. אייער דיענער בין איך אָבער ניט! איך בין ביי קיין מענשען קיין דיענער ניט!

„איהר האָט גראָב מיר געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז איך האָב קיין רעכט ניט צו ליעבען אייער טאָכטער. קיין זאַך אויף דער וועלט קאָן ניט שטערן מיין הארץ צו ליעבען דאָס, וואָס איך ליעב; און כאָטש איך בין ניט פון אייער ראַנג, בין איך דאָך אַזוי איידעל ווי איהר: נאָר דאָס הארץ מאַכט דעם מענשען איידעל; און אויב איך בין ניט קיין גראַף, האָב איך דאָך אין זיך מעהר עהרע ווי אַ סך גראַפען. לאַקיי אָדער גראַף — אין דעם אויגענבליק, וואָס ער באַליידיגט מיך, פאַראַכטע איך איהם. איך פאַראַכטע ווי בלאָטע אַלץ, וואָס פרעטענדירט צו זיין איידעל, און האָט ניט די איידעלקייט פון דער נשמה.

„זייט געזונט! איהר האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען. איהר האָט מיך גענאַרט, איך האָס אייך.

„דער, וואָס ליעבט פריילין מינאַ, צו להכעיס אייך, און וואָס וועט איהר ליעבען ביז אין טוידט אריין, ווייל ז י ג ע ה ע ר ט א י ה ם, און קיין זאַך קען איהר ניט אַפּריי־סען פון איהם.“

קוים האָט ער אריינגעוואָרפען דעם בריעף אין בריעף־

קאסטען, האָט ער זיך אליין דערשראָקען פאר דאָס, וואָס ער האָט געטאָן. ער האָט געפּרוּבירט וועגען דעם ניט טראַכטען: אבער געוויסע אויסדריקע זיינען איהם געקומען אויפ'ן זכרון; און אַ קאַלטער שווייס האָט איהם ארויסגעשלאָגען, ווען ער האָט זיך געטראַכט ווי פרוי פאָן קעריך לייענט די שרעקליכקייטען. אין ערשטען מאָמענט האָט זיין פארצווייפלונג אליין איהם צוגעגעבען מוט; אבער שוין אויף מאָרגען האָט ער פארשטאַנען, אַז זיין בריעף קען ניט האָבען קיין אנדער ערפאָלג, ווי נאָר איהם אין גאַנצען צו צושיידען פון מינאַ'ן; און דאָס האָט איהם אויסגעוויזען פאר דעם שרעקליכסטען אומגליק. ער האָט נאָך געהאָפט, אַז פרוי פאָן קעריך, וואָס האָט געוואוסט, ווי לייכט ער ווערט צוקאָכט, וועט ניט נעהמען די זאַך אויף דעם מאָל זעהר ערנסט; און אַז זי וועט זיך באַגנוגען מיט אַ שטרייכען אויסרייד; און — ווער וויים? — אפשר וועט זי גאָר ווערען געריהרט דורך די איבעריכטיגקייט פון זיין ליידענשאַפט. ער האָט נאָר געוואַרט אויף אַן ענטפער, כדי זיך איהר צו וואַרפען צו די פיס. פינף טעג האָט ער געוואַרט אויף דעם. נאָכהער איז געקומען אַ בריעף. עס איז דאָרט געווען געשריבען:

„טייערער הערר!

„אַזוי ווי לויט אייער מיינונג עקסיסטירט ביי אונז אַ מיספאַרשטענדניס פון ביידע זייטען, איז געוויס די קליגסטע זאַך, עס ווייטער ניט צו פאַרציהען. איך וואָלט זיך אליין ניט מוחל געווען, אויב איך וואָלט אויף אייך אויך ווייטער ארויפגעלייגט באַציהונגען, וואָס זיינען געוואָרען אונאַנגענעהם פאר אייך. איהר וועט אַלזאָ געפינען פאר גאַנץ נאַטירליך, דאָס מיר זאָלען עס איבערייסען. איך האָף, אַז עס וועט אייך שפּעטער ניט פעהלען קיין אנדערע פריינד, וואָס

װעלען װיסען אײך אַפּצושאַצען, אַזױ װי איהר פאַרלאַנגט עס. איך צװײפעל ניט אין אײער צוקונפט; און װעל פון װײטען נאָכפאָלגען אײערע ערפאָלגען אין דער מוזיקאַלישער קאַריערע. מיט גערוס, יאָזעפא פאָן קעריך."

די ביטערסטע פאַרװאורפען װאָלטען געװען װײניגער גרױזאַם. קריסטאָף האָט זיך געפיהלט פאַרלאָרען. מען האָט געקאָנט ענטפערן אײנעם, װאָס באַשולדיגט אײך אומגערעכט. אָבער װאָס האָט מען געקאָנט טאָן געגען דאָס גאָר נישט פון אָט דער העפליכער גלײכגילטיגקײט? ער איז געװען װי משוגע. ער האָט געטראַכט, אז ער װעט שױן קײן מאָל ניט זעהן מינא'ן, און דאָס האָט ער ניט געקאָנט אַריבערטראָגען. ער האָט געפיהלט װי װײניג עס װעגט די גאַנצע שטאָלץ פון דער װעלט געגען א קלײן ביסעל ליעבע. ער האָט פאַרגעסען זײן גאַנצע װירדע, איז געװאָרען א שװעכלינג, האָט געשריבען נײע בריעף, אין װעלכע ער האָט געבעטען, מען זאָל איהם מוחל זײן. זײ זײנען געװען ניט װײניגער נאַריש װי דער, אין װעלכען ער האָט אױסגעגאָסען זײן כעס. מען האָט איהם גאָר ניט געענטפערט — און אלץ איז געװען געזאָגט.

ער איז כמעט ניט געשטאָרבען דערפון. ער האָט גע־טראכט וועגען זיך נעהמען דעם לעבען. וויטיגסטענס האָט ער זיך איינגערעדט, אז ער האָט עס געוואָלט. ער האָט גע־האט רויבערישע, מערדערישע פארלאנגען. מען פארשטעהט גאָר ניט די אנפאלען פון ליעבע און האס, וואָס עסען אויף אפטמאָל געוויסע קינדערישע הערצער. עס איז געוועזן דער שרעקליכסטער קריזיס פון זיין קינדהייט. דאָס האָט געמאכט א סוף צו זיין קינדהייט. ער האָט פארהארטעוועט זיין ווי־לען. אבער עס האָט ניט געפעהלט פיעל איהם אויף אייביג צו צערברעכען.

ער האָט מעהר ניט געקאָנט לעבען. אנגעשפארט אַן פענסטער, פלעגט ער שעה'ן־לאנג אראָפקוקען אויף דעם געפלאסטערטען הויף און טראכטען ווי דאמאָלס, בעת ער איז נאָך א קינד געוועזן, אז עס איז דאָ איין מיטעל פטור צו ווערען פון די מאטערניש פון לעבען, ווען עס ווערט שווער. דער מיטעל איז פאראן דאָ, פאר זיינע אויגען, גערייט צו העלפען תיכף ומיד... תיכף ומדי? ווער ווייס?... אפשר נאָך שטונדען — נאָך יאהר־הונדערטע — פון גרויזאמער מאַ־טערניש?... אבער אזוי מיעף איז געוועזן זיין קינדערשע פאר־צווייפלונג, אז ער האָט זיך געלאָזט ארייַנציהען אין דעם שווינדעלדיגען תהום פון אזוינע געדאנקען...

לואיזע האָט געזעהן, אז ער ליידעט. זי האָט ניט גע־קאָנט קלאָהר פארשטעהן, וואָס אין איהם געהט פאָר; אבער איהר אינסטינקט האָט איהר אונקלאָהר פאָרגעזאָגט ווע־

געזן דער געפאהר. זי האט געפרובירט זיך דערנעהענטערן צו איהר זוהן, צו דערגעהן זיין שמערץ, כדי איהם צו טרייסטען. אבער די ארימע פרוי האט פארלארען די געוואהנהייט צו ריידען אינטים צו קריסטאף'ן; זייט יאהרען האט ער פארשלאסען אין זיך זיינע געדאנקען; און זי איז געווען צופיעל פארטאן מיט מאטעריעלע זארגען צו האבען גענוג צייט זיי אויסצוגעפינען. איצט, ווען זי האט געוואלט איהם קומען צו הילף, האט זי ניט געוואוסט, ווי עס צו טאן. זי האט זיך ארומגעדרעהט ארום איהם, ווי א בלאנדזשענדע נשמה; זי האט געזוכט ווערטער, וואס זאלען איהם גוט טאן; זי האט אבער מורא געהאט זיי ארויסצוריידען, כדי איהם ניט אויפצורעגען. און ניט קוקענדיג אויף איהר גאנצע פארזיכטיגקייט, פלעגט זי איהם ארויסבריינגען פון געדולד דורך איהרע באוועגונגען, דורך איהר אנוועזענהייט אליין; ווארום זעהר געשיקט איז זי ניט געווען; און ער איז ניט געווען זעהר געדולדיג. פון דעסטוועגען האט ער איהר געליעבט, האבען זיי ביידע זיך געליעבט. אבער עס איז אזוי ווייניג נויטיג אום צו דערווייטערן מענשען, וואס ליעבען און אכטען איינע די אנדערע פון גאנצען הארצען! א צו הויכער ווארט, א ניט־פאסיגע באוועגונג, אן אונשולדיגער צוק מיט'ן אויג, אדער מיט דער נאז, דאס האלטען זיך ביים עסען, ביים געהן, ביים לאכען, א פיזישע שטערונג, וואס לאזט זיך ניט ערקלעהרען... מען רעדט זיך אליין איין, אז דאס איז גאר ניט; עס איז אבער א גאנצע וועלט. גאנץ אפט איז עס גענוג, אז א מוטער און א זון, א ברודער און א ברודער, א פריינד און א פריינד, וואס זיינען גאנץ נאהענט איינער צום אנדערן, זאלען אויף אייביג בלייבען דערווייטערט איינער פון אנדערען.

קריסטאף האט דערפאר ניט געפונען אין דער צערט־

ליבקייט פון זיין מוטער קיין גענוג שטארקע שטיצע אין דעם קריזיס ,וואָס ער האָט דורכגעמאכט. און אויסערדעם, וואָס פאר א ווערט האָט די צערטליכקייט פון אנדערע פאר דעם עגאָיזם פון ליידענשאפט, וואָס באשעפטיגט זיך נאָר מיט זיך אליין?

איינמאָל ביינאכט, ווען די פאמיליע האָט געשלאָפען, און ער איז געזעסען ביים טיש ניט ריהרענדיג זיך און ניט טראכטענדיג, נאָר ארייגעטאָן אין זיינע געפעהרליכע אי־דעען, האָט דער גערויש פון טריט אָפּגעקלונגען אין דער קליינער, שטילער גאַס; און דאָס קלאַפּען אין טיר האָט איהם ארויסגעריסען פון זיין באטויבונג. מען האָט געהערט דאָס ניט דייטליכע מורמלען פון שטימען. ער האָט זיך דער־מאָנט, אז דער פאטער איז אין אָוועקט נאָך ניט געקומען אהיים; און ער האָט מיט כעס געטראכט, אז מען האָט איהם ווידער געבראכט א שכור'ן, ווי פאראכטאָגען, ווען מען האָט איהם געפונען ליעגענדיג אויסגעצויגען אין מיטען גאַס. וואַ־רום מעלכיאר האָט אינגאנצען אויפגעהערט זיך איינצוהאַל־טען; ער האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר אָפּגעגעבען צו זיין לאסטער; כאָטש זיין געזונדהייט פון א גבר האָט דאָס קלענסטע ניט געליטען פון די אַלע אויסגעלאסענקייטען און פאַרזיכטיגקייטען, וואָס וואָלטען אַן אַנדערען שוין לאַנג גע־טוידט. ער האָט געגעסען פאר פיערען; האָט געטרונקען ביז טוידט שכרות, האָט פארבראכט נעכט אויף דרויסען אונטער אייז־קאלטע רעגענס, האָט פיעל מאָל געקראָגען געבראָכען רוק און לענד אין געשלעג; און דאָך פלעגט ער אויף מאָרגען אין דער פריה ווידער זיין אויף די פיס מיט זיין געוועהנליכער פרעהליכקייט, וועלענדיג, אז די גאנצע וועלט ארום איהם זאָל אויך זיין אזוי מלא שמחה ווי ער.

לואיזע איז ארויסגעשפּרונגען פון בעט, און איז גיך געלאָפען עפענען די טיר. קריסטאָף האָט זיך צוגעמאַכט די אויגען, כדי ניט צו דאַרפען הערען מעלכיאָר'ס פאַר'שכור'טע שטים, און די שפּאָטישע באַמערקונגען פון די שכנים...

פּלוצלונג איז איהם באַפאַלען אַן אומבאַגרייפליכער שרעק: ער האָט גענומען ציטערן גאָר אָהן אַ אורזאַך, באַ-האַלטענדיג דעם פּנים אין די הענט. און גלייך האָט אַ הערצ-רייסענדער געשריי איהם געמאַכט אויפהויבען דעם קאָפּ. ער האָט אַ שפּרונג געטאָן צום טיר...

אין מיטען פון אַ גרופּע מענשען, וועלכע האָבען גערעדט שטיל אין פינסטערן קאָרידאָר, וואָס איז געווען באַלויכטען פון דעם ציטערנדען ליכט פון אַ לאַמטערנע, איז געלעגען אויסגעצויגען אומבאַוועגליך אויף אַ מיטה — ווי אַמאָל דער זיידע — אַ קערפּער, פון וועלכען עס האָט גערונען וואַסער. לואיזא האָט געבליבען אויף זיין האַלז. מען האָט אַקאָרשט געפונען מעלכיאָר'ן אַ דערטרונקענעם אין מיה-גראָבען.

קריסטאָף האָט ארויסגעלאָזען אַ געשריי. די גאַנצע איי-בעריגע וועלט איז פאַרשוואונדען, אַלע זיינע אַנדערע שמער-צען זיינען אָפּגעווישט געוואָרען. ער האָט זיך אַ וואָרף גע-טאָן אויף'ן פאָטער'ס קערפּער, לעבען לואיז'ען, און זיי האָ-בען ביידע געוויינט צוזאַמען.

זיצענדיג לעבען דער בעט, און איבערוואַכענדיג דעם לעצטען שלאָף פון מעלכיאר'ן, וועמעס געזיכט עס האָט איצט באַקומען א שטרענגען און פייערליכען אויסדרוק, האָט ער געפיהלט ווי די טרויעריגע רוהיגקייט פון טוידט נעהמט איהם דורך. זיין קינדערשע ליידענשאַפט איז פארשוואונדען ווי אן אַנפאַל פון פיבער. דער אייזיגער הויך פון קבר האָט אַלץ מיט זיך אוועקגעטראָגען: מינא'ן, זיין שטאָלץ, זיין ליעבע, איהם אליין... אַך, צו הייסט דאָס אַן אונגליק? ווי קליין איז די באַדייטונג פון דאָס אַלץ לעבען דער ווירקליכקייט, דער איינ־ציגער ווירקליכקייט: דעם טויט! צי האָט זיך געלוינט אזוי פיעל צו ליידען, אזוי פיעל צו באַנגעהרען, אזוי פיעל זיך צו מאַטערן, כדי דאָרט אַנצוקומען!...

ער האָט געקוקט אויף זיין איינגעשלאָפענעם פאַטער, און א רחמנות אַהן א סוף האָט איהם דורכגעדרונגען. ער האָט זיך געגומען דערמאָנען אַן די קלענסטע אויסדריקע פון זיין גוטסקייט און צערטליכקייט; ווארום ביי אַלע זיינע חסרונות, איז מעלכיאר ניט געווען קיין גאָר שלעכטער מענש; ער האָט געהאַט פיעל גוטעס אין זיך. ער האָט האָלט געהאַט זיין משפחה. ער איז געווען עהרליך. ער האָט גע־האַט אביסעל פון דער אונאָפּהענגיגער אויפריכטיגקייט פון די קראַפטס, וועלכע האָט ניט פארטראָגען קיינע סכסוכים אין פראַגען פון מאָראַל און עהרליכקייט; און וואָס האָט ניט דערלאָזען קיינע פון יענע פשרות מיט דער מאָראַל, וועל־כע אזוי פיעל מענשען פון דער בעסערער געזלשאַפט האַלטען

ניט פאר קיין גרויסען חטא. ער איז געווען מוטיג, און זיך איינגעשטעלט אין יעדער געפעהרליכער לאגע מיט פרייד. אויב ער איז געווען אן אויסברייגגער פאר זיך, איז ער עס געווען אויך פאר אנדערע; ער האט ניט געקאנט אריבער־טראגען, אויב מען איז געווען טרויעריג; און ער האט מיט פארגניגען אפגעגעבען, אלץ וואס האט געהערט צו איהם — און וואס האט ניט געהערט צו איהם אויך — צו יענע ארימע לייט, וואס ער פלעגט טרעפען אויפ'ן וועג. אט אז די אלע מעלות האט זיך איצט קריסטאף דערמאנט: צום טייל האט ער זיי אויסגעטראכט, אדער מגזם געווען. איהם האט זיך געדאכט, אז ער האט זיין פאטער ניט געקענט: ער האט זיך פארגעווארפען, וואס ער האט איהם ניט גענוג געליעבט. ער האט געזעהן ווי ער איז באזיעגט געווארען פון לעבען: ער האט געגלויבט, אז ער הערט ווי די אונגליקליכע נשמה וואנ־דערט ארום, זייענדיג צו שוואך צו קענען קעמפפען, און זיפצט איבער איהר נוצלאז פארלארענעם לעבען. ער האט פון דאס ניי געהערט די קלאגענדיגע בקשה, וואס האט איהם שוין איינמאל צעריסען דאס הארץ:

— „קריסטאף, פאראכטע מיך ניט!"

און געוויסענביסע האבען איהם געפייניגט; ער האט זיך א ווארף געטאן אויפ'ן בעט, און האט וויינענדיג געקושט דעם פנים פון טוידטען. ער האט איבערגע'חזר'ט ווי דאמאלט:

„מיין טייערער פאטער, איך פאראכטע דיך ניט, איך ליעב דיך! זיי מיר מוחל!"

אבער יענער קלאגערוף האט זיך ניט בארוהיגט, און האט זיך איבערגע'חזר'ט פול פון שרעק:

„פאראכטע מיך ניט! פאראכטע מיך ניט!"

און פלוצלונג האָט קריסטאָף זיך אליין געזעהן אויסגע־צויגען אויפ'ן פלאַץ פון טוידטען; ער האָט געהערט די ווער־טער קומענדיג פון זיין אייגענעם מויל; ער האָט דערפיהלט אין זיין הארצען די פארצווייפלונג פון א לעבען, וואָס איז שוין אויף אייביג נוצלאָז. און ער האָט געטראַכט מיט שרעק: „אַך! אַלע, אַלע ליידען, דער גאַנצער עלענד פון דער וועלט, אַבי ניט דערגעהן דערצו!"... ווי נאָהענט איז ער געווען פון דעם? צי דען האָט ער כמעט ניט געפּרובירט אליין צו צער־ברעכען זיין לעבען, כדי ווי א טרום זיך צו ראַטעווען פון זיין שמערץ? אזוי ווי אַלע ליידען און די אַלע פּעראַטען וואָלטען ניט געווען קינדערשע שמערצען לעבען דער מאַטערניש פון דעם גרעסטען פאַרברעכען: זיך אליין צו פּעראַטען, דעם גלויבען אין זיך צו פאַרליערען, זיך צו פּעראַטען ביז צום טוידט!

ער האָט געזעהן, אַז דאָס לעבען איז א שלאַכט אָהן א שטילשטאַנד, אָהן גנאָדע, וואו יעדער מענש, וואָס וויל ווערט זיין דעם נאָמען מענש, דאַרף קעמפּפען געגען אן אַרמיי פון שונאים, וועלכע מען קען גאָר ניט זעהן: געגען די מערדע־רישע כחות פון דער נאַטור, געגען די שלעכטע באַגעהרען און פינסטערע געדאַנקען, וואָס טרייבען איהם פאַרטעטריש זיך אליין צו דערנידעריגען און צו פאַרניכטען. ער האָט געזעהן, אַז גליק און ליעבע זיינען נאָר די נאַרעריי פון איין מינוט, כדי צו פיהרען דאָס האַרץ אוועקצולייגען די וואַפען און זיך אַפּזאָגען פון אַלץ. און דער קליינער פּופּצעהניעהריגער מאָ־ראַלישער גאון האָט געהערט די שטים פון זיין גאָט:

„געה, געה, און רוה קיין מאָל ניט!"

— „אָבער וואוהין זאָל איך געהן, גאָט מיינער! וואָס

איך זאָל ניט טאָן, וואוהין איך זאָל ניט געהן, צי דען וועט דער סוף ניט זיין שטענדיג דערזעלבער? צי ענדיגט זיך ניט אַלץ דאָרט?“

„געהט און שטאַרבט, איהר וואָס מוזט שטאַרבען! געהט און ליידעט, איהר וואָס מוזט ליידען! מען לעבט ניט, אום צו זיין גליקליך, מען לעבט אום מיין ג ע ז ע ץ צו ערפילען. לייד, שטאַרב, אבער זיי דאָס, וואָס דו דאַרפסט זיין — אַ מענש.